# שטערן

ליטעראַריש-
קינסטלערישער
און פּאָליטיש-
וויסנשאַפטלעכער
כוידעש-זשורנאַל

מינסק

1 9 3 4



## אינהאַלט



10

פראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!

# שטערנ

№ 10 צענטער יאָרגאנג אָקטיאבער 1934



פּעריץ מארקיש

## אנשל דעמ זאליאזניקס טויט

אונ ווידער איז אינ שטאל געזעסנ אנשל,
אונ גענעצדיק געקוקט אונטערנ בויכ א יעדנ פערד
גלײַכ ווי אפ זייגערס—צ'איז די צײַט אפ זיי דערגאנ שויג,
אז עמעצ אימ פארבײַטנ קומענ זאָל אהער...
אינ שטאל איז אָנגעהויכט געווענ אונ ווארעמ
דער כראָמק פונ האָבער איז געגאנגענ שווער;
פונ אנשלס מויל געגאנגענ איז א פארע,
ווי ס'איז געגאנ א פארע פונ די פערד.
ער האָט געזענ—די ווײַדלענ הויבנ זיכ בא זיי ווי רעדער,
ווי מיט נעזולעכער זייי קרעכצנ—ט'ער געהערט—
אונ זיכ דערמאָנט, ווי מ'האָט אימ אינ דער נאָז געשטופּט א פעדער,
איז מיט פארדראָס האָט ער געטאָנ א קלער:
—אז ער האָט מיר דעמ צונג ארויסשטעקנ געהייסנ,
ס'הײַסט מיט א צונג אנ אויסגעשטעקטנ אנשל דריי זיכ,
אונ זאָל זי, הייסט עס, זײַנ די כארפּע, מיט א טאָלק...
אונ איכ דער נאר, האָב אימ געפאָלגט:
ארויסגעשטעקט דעמ צונג דאָרט אינ דער גאנצער גרעב אימ
ס'א גליק וואָס ער ט'מיר ניט געהייסנ נאָכ ארויסשטעקנ דעמ לעבער!
אונ ס'גיט א כאָרכל זיכ פונ קאַס בא אימ דאָס קאָל:
—כ'וואָלט אזוי האלטנ אימ געקאָנט דאָס גאנצע לעבנ,
אונ דאָס האָט דער פארשיווער רויפע דאָכ געוואָלט...

דאָס בענקעלע אינ שטאל איז שמאָל געווענ
אונ אײַנזיצנ ס'האָט ניט געלאָזט אימ אפ אנ אָרט דאָרט;
האָט ער זיכ אופגעהויבנ אלע מאָל
צו איינעמ צו א צווייטנ פערד א קוק טאָנ אינ דער מאָרדע,—
נ'די אויגנ ט'ער געקוקט זיי—טעמפּ אונ לאנג,
גלײַכ ווי אינ טריבע פינצטערע שפּאקטיוונ
אונ זיי—זיי האָבנ ווי פונ שפּיגלענ אימ צוריק דערלאנגט,
דאָס טעמפּע פּאָנעמ דאָס פארגליווערטס...

געשפיגלט האָט ער זיך
אין פערדישע שווארצאפלען ווי אין לאָגלען,
געזען האָט ער אפ זײַנ געזיכט,
ווי אײַנגעפאלנ און צעטראָטנ איז די באָרד בא אימ
און ס'האָט פונ אימ א זשאווערדיקער קרעכצ ארויסגעשלאָגנ:
— אז ס'ענדערט זיך דאָ, ביסטו גאָט, דער צעלעמ־עלויאימ...

ער האָט געזוכט די אלטע גײַווע און די האָזע צווישנ ברעמענ,
כאָטש א פאָר קנײטשנ פארמעטענע—לויטער־מיד—
וואָס פאסטנ אזוי גוט זיך פאר אנ איידלענ ייִד
— א לאמדנ צי א קרעמער...
און ענדלעך—ווי־ניט־ווי—
האָט ער געזוכט דעמ ברענ פונ ריטעכדיקנ שאבעס אינ די אויגנ,
נאָר אויסגעגלעט געווענ איז אלצ פונ ווינט
און מיט א הויט א סטעפישער פונ ס'ניי באצויגנ.
די באָרד איז אימ אליינ ערגעצ אוועק,
פונ אונטער איר האָבנ געשפארט די אָנגעשטאָפטע באקנ,
א מויל אנ אויסגעקאָכטס אינ קוועק
און א געפילטער האלדז—און—נאקנ.
ער האָט געוואָלט א יאדאשליווע הוסטל טאָנ—אזא קאָכיקע,
אז ענדיקנ סע זאָל זיך מיט אנ איידלענ קרעכצ
און הערנ זאָל אינ דעמ זיך יאנקעווס קאָל דעריקער,
ווי נאָכ א ווײנענדיק קאפיטל טילימ—א געדעכטס...
נאָר פונ די שקאפעס אויגנ האָט אפ אימ געקוקט א קוינע
פונ זײַנ זאליאזנער קלייט—אמאָל אינ א יאריד;
האָט ער געטרייסלט מיטנ קאָפּ:—אז סקוקט אפ מיר א גוי גאָר,
— ניט קיינ ייִד...
און אז ער האָט געטאָנ זיך א דרײַגאָרנדיקנ טרייסל,
און אז א דונערדיקנ ניס האָט ער דערלאנגט דאָרט
אזא, אז ווײדלענ־אופגעהויבנ האָבנ פונ דער שרעק די פערד,
איז האָט ער זיך ארומגעווישט, נ'געזאָגט פארקלערט:
— נו, דאנקענ גאָט, וואָס נאָר—יאָדאימ יעדיי אייסעוו
און וואָס דאָס קאָל איז נאָכ דערווײַל—קאָל יאנקעוו...
ער האָט געזען:
זײַנ וועג לויפט ביסלעכווײַז אינגאנצנ אײַנ...
געטראכט האָט ער:—אז וואָס, אז ווענ,
אז יעדער טאָג פארנאָגלט ווי א צוויאָק זיך אפ דײַנ פּאָנעמ
און ס'קלאפט אימ מיט די קאָפּיטעס דיר יעדער פערד ארײַנ
אזוי אז אָפּרײַסנ פונ דאנענ
פונ שטאל, פונעמ נאוואָז און פונ דעמ כראָמקערײַ
זאָלסטו זיך אנשל מער ניט קאָנענ!

אז ס'ווערט דאָ, ביטע גאָט, פארביטן ס'קאָל,
מע ווערט דאָ מער פאכאָזשע אפ א פערד ווי אפ א מענטשן,
און ס'זאָל אפילע דער נאוואָז
דאָ זײַן פון גאָלד,
איז וואָס?
אז ס'וואָלט דיך קיינער איצטער ניט דערקענט שוין...
ס'איז מיטן נאכט. די שטילקײַט הויבט זיך אופ
פון שטומע פערד ווי אזא שווארצע פארע—
אים דאכט זיך אויס אז עמעצער אים רופט,
נאָר שאָטנס בלויז אים לעקן דאָרט און שפארן...

ער זיצט איצט אָפ אין שטאל די גאנצע נעכט,
ער קערט צונויפ אין זשאָלובעס דעם האָבער,—
ער ווייסט פארוואָס סע עסן איצטער ווייניקלעך די פערד,
ער ווייסט, אז ניט מיט אלעמען איז עפעס די כוראָבע...
ער לייגט אפ איינעם דאָרט ארופ א זאק,
א צווייטן נעמט ער פארן האלדז אָן
און זידלט זיך:—פאר אנשלען פונקט א זאך,
ווי וואָדזגען זיך מיט פערד, די ווײדלען זיי באזאלצן...
ס'איז מיטן נאכט. א שטילקײַט ליגט אזא
עס דרייען פערד די קעפ און יעדער קאָפ פארהאלט זיך:
— ניט ווײַט פון ייִשעוו בושעוועט דער סאפ
און פערד—אינמיטן וועג ער וואלגערט;
ער גיט דאָרט זײַן קאָבילע פארן בויך א טאפ:
— דער רועך ווייסט זי—עפשער איז זי שוואנגער!...
און עפשער האָט זי דעם כאלאס געכאפט
און עפשער האָט זי שוין—די טשומא דאָרט...
און אז ער גיט אליין אזא מין סאפ
און אז ער גיט א זעץ א נידער זיך—פארמאטערט:
— וואָס ווייסט א ייִד אין הילכעס פערדישע כאראָבעס?
סע עסט איז גוט. אויב ניט, איז שלעכט!
— א קרענק? געשטאָרבן? איז באגראָב עס!
אז סימען, אז ס'אזוי באשערט...

עס טוט אים דאָרט אליין א וואָרפ
און ס'נעמען זיך די ביינער בא אים קלאפן,—
ער האָט געוווּסט:—ניט ווײַט פון דאָרפ
האָט מען די לעצטע וואָך פארברענט א שקאפע...
ער האָט געשטעלט מיט פאכער יעדן טראָט
און אפן קאָל געשאָלטן און געפיבערט;
— איצט וועט שוין וויסן יעדער פערד אז ס'איז פאראן א גאָט,
א ער האָט זיך צו זיי שוין אויך דערקליבן...

געוווסט האָט עס אמאָל א שטאָט,
אמאָל האָט עס געוווסט א וועלט מיט ייִדנ...
די שטילקײַט ס'אימ דעמ מויעכ פארשטאָפט,
די שטילקײַט האָט דאָס הארצ אימ אָפּגעבריט דאָרט:
— איצט וועט שוינ וויסנ יעדער פערד, אז ס'איז פאראנ א גאָט,
אז ער האָט זיכ צו זיי שוינ אויכ דערקליבנ...
אונ אנשל לויפט אהיימ.
אלײנ
זיכ רײַסנ ווערטער דורכ שוינ:
— ס'איז עפּעס ניט אײנבעסטנ מיטנ סקאָט...
ער וועקט דאָרט זלאטעג אופ אונ טוט א בורטשע:
—עס האָט זיכ שוינ ארײַנגעמישט אינ איניעג גאָט,
ס'ווײַזט אויס ער רעכנט זיכ שוינ אָפּ פאר אלע צײַטנ—
פאר כילעל־שאבעס, פאר כאזיירימ אונ פאר אלצ
אונ ווידער—צריק. באוויזנ בלויז א שפּײַ טאָנ
אונ מיט א קלאָלע דורכשווענקענ דעמ האלדז.

אינ שטאל האָבנ די שאָטנס זיכ געמערט,
עס זײַנענ מענטשנ דאָרט געשטאנענ אונ געשפּראָכנ אײַליק;
קיינ פּענעמער האָט אנשל ניט געווענ באמערקט
ס'האָט אנשל בלויז געזענ א פּארע פונ די מײַלער.
די פינצטערנישי אינ סטעפּ איז אלעמאָל געוואָרנ הארטער,
ס'האָט א קאסאָקע רעגנדל א דריבנע זיכ געזייט;
מ' האָט נאָכאמאָל דאָס פערד באקוקט אונ עס באטראכט דאָרט
נ'געהייסנ אָפּפירנ עס אנשלענ אינ א זײַט,
אז איידער דער באגינענ אונ דער טאָג קומט אָנ נאָכ
זאָל מענ דאָס פערד פארברענענ—קיינער זאָל ניט זענ,—
באשעפּטיקנ זאָל מיט דעמ איניענ זיכ דער קאָגיוכ,
פארעכענענ מע זאָל די ארבעט פאר א „טרודאָדיענ".

האָט אנשל דעמ וואטניק אפּ אלע קנעפּ פארשפּיליעט.
די כאיע אָפּגעפירט. אלײנ געגאנגענ ווי אפּ טרעפּ;
ערשט איצט האָט אנשל גוט בעקאָנט באטראכטנ זײַנ קאָבילע
אונ ווידע אָפּזאָגנ מיט איר אינ סטעפּ:
— אָט דאָס, הייסט עס, האָסטו זיכ פערד דעראָבערט,
אָט דאָס, הייסט עס, באצאָלט מענ דיר פאר דײַנ האָרעוואניע, פערד,
ס'מעג איצט א ייִד א מוסער זיכ אראָפּנעמענ פונ דער כאדאָבע
וואָס ס'קומט ארויס פונ האָרעווענ בא זיי אפּ דר'ערד.
ס'האָט אנשל ניט געאײַלט
אינ מויל געלייגט דעמ פערד א יעדער וואָרט—צעקײַעט
אונ מיטנ לאָשנ זיכ אלײנ געקוויקט, ווי מיט א טרייסט:

— אָט דאָס אָ הייסט,
קאָבילע,
— מי באמאַיִם,
— אָט דאָס אָ הייסט,
קאָבילע,
— מי באָאייש!...
אָט דאָס הייסט עס האָסטו זיכ פערד דערדינט—
ניט אופגעהערט האָט אנשל כריפעדיק צו בילנ—
נאָר עפעס האָט אימ דאָכ געקוועטשט:—ווי איז דער דינ—
אויב ער וועט פריִער די פעל אראָפנעמענ פונ דער קאבילע,
צי וועט ער כעזשבנ דארפנ אָפגעבנ דער וולאסט אונ דער מעמשאָלע,
צי וועט זי טויטערהייט דאָרט אויכ געהערנ דעמ קאָלכאָז,
צי מעג א פעל אנ אָפגעשונדענע—א שטיקל שאָלעכצ—
זיכ אומקערנ אהיימ, צוריק צומ באלעבאָס!...

פארהאקט האָט אנשלס אויג זיכ לעמ דער כאיעס דיכ,
איר הינטנ אויסגעדאכט האָט אימ זיכ אזוי דינ איז;
ער האָט דערזענ:—דער ווידל—לאנג איז אונ געדיכט
אונ אינ די אויגנ, ווי אינ וואָגשאָלנ האָט ער געווויגנ די שטשעטינעס:
—ס'וועט זײַנ א פונט! אונ עפשער אלע צוויי.
ער ווייסט דעמ מעקאכ ניט. צי טײַער ס'איז צי ביליק,—
ס'האָט אימ פארקלעמט דאָס האדצ פונ ווייי
פאר דער פארמישפעטער קאָבילע.

געשטאנענ איז זי אָפגעשיידט—אליינ.
די פעסט האָט ארומ איר פארקריצט אנ איגל—
—אָט גיט זי באלד א פאל, אָט טוט זי באלד זיכ א צעלייג
אזא ניסדאָיִקע, אזא ניט היגע...
האָט אנשל ס'מעסער זיכ אינ בוזעמ־טאש פארשטעקט
אונ אופגעהויבנ פונ דער ערד
האָט ער א דרענגל,
אונ ווי א הענקער
א קוק געטאָנ אהינ, אהער—
צומ וועג,
וואָט איז מיט פינצטערניש געווענ פארשוואָלנ.
אונ אופגעוועקט
דאָס פערד
ווי פונ א כאָלעמ...

דער סטעפ—פארנעפלט־גליטשעדיק געווענ איז,
א כאלעפ האָט געבליצט פונ יעדנ טראָפנ טוי;

און אומעטום האָט זײַן געקאָנט די גרענעץ
דורך וועלכער ס׳דאַרף אריבערגיין דער טויט.
ס׳האָט אנשל זיך אין אלע קעשענעס געפּאָרעט,
ס׳האָט אנשל זיך צום אייגן לעבן אײַנגעהערט:
— בעהיימעס ט׳ער אמאָל געפירט זיך פּאָו׳נ
און איצטער פירט ער פייגערן די פערד...
האָט אנשל זיך א דריי געטאָן—אהינ־אהער:
— דער מעסער—ז׳דאָ, און פײַער—דאָ,
און טרייסטן די קאבילע ז׳ער געוועזן גרייט דאָרט:
— אזוי געפירט האָט דאָך אמאָל אווראָם
זײַן זון, זײַן יצכאָקן, צו דער אקידע...

פון אויגן האָט זיך אויסגעזייט דער גאנצער ניר אים
און די כעזשבוינעס—אײַנגעשלונגען האָט דער וועג;
עס האָט אים ניט געלאָזט דאָס הארץ צו זאָגן איר:—פּגירע,
עס האָט אים ניט געלאָזט דאָס הארץ א דריי טאָן פארן עק.
ס׳האָט אים באזעצט א שווייס,
דערטראכטן זיך ער קען נישט
און ניט ער ווייסט,
פארוואָס אין מויל בא אים זיך פּלאָנטערט דער „מה אנוישׂ״
אז פונקט ווי ניט דאָס פערד
געפירט וואָלט ער,
נאָר זיך אליין וואָלט ער באגלייט דאָ
א לעבעדיקן אין דער ערד
פאר דעם פארשיווג פונט שטשעטינעס פונעם ווײדל...

האָט ער דאָס מעסער נאָכאמאָל געטאָן א טאפּ,
דאָס דרענגל אין דער האנט דערפילט דאָרט פעסטער
דעם וועג, דעם אָפּגעגאנגענעם געטאָן א מעסט דאָרט
און מיט צופרידנקײַט א זאָג געגעבן—„טאק״
פונדעסטוועגן האָט ער דעם קאָפּ געדרייט אפּ צריק
די באָרד פארוקט אונטערן פײַכטן שאליק—
— מע הערט שוין ניט פון דאָרף קיין סקריפּ,
— מע זעט שוין ניט פון דאָרף די שטאל אָן...

דער טויט האָט זיך שוין אומגעדרייט פון מיטן נאכט,
געוואָרט האָט ער אפּ אנשלען ווי א וואָכעדיקער קוינע;
— מעט אָנקוקן די זאך,
— אזוינע און אזוינע
און דאָס געשעפט ז׳געמאכט:
דער—נעמט די פעל,

און די נעשאָמע נעמט דער צווייטער;
און אויב די זאכ—געפעלט,
איז איינער מיטן אנדערן שוין מייטעוו...
ער גייט דאָ אום, דער טויט,
עס הערן אין דער נאָנט זיך זײַנע טריט שוין;
האָט אנשל אומרויִק דעם קאָפּ געדרייט
צום שלאָפנדיקן יִשעוו...
און אונטן האָט א בערגל זיך געלאָזט אראָפּ
צופוסנס—דורכגעהרײִזעט, דורכגעשווענקט פון גריבער;
עס האָט דאָס פערד געטאָן אזא מין אויסזיכטלאָזן טראָט
און איז אראָפּ.
די אויגן—אָפן און—געבליבן...
א טויבער כליושטש האָט זיך דערהערט אפּ נאסטן גרונט,
דאָס מויל מיט בלאָטע אָנגעפילט זיך ווי א לאָגל,
א וויג געטאָן האָט זיך אין ריוו די רו,
אין דאָרף האָט אָנגעהויבן טאָגן...

א טויבער כריפּ.
שוין אפּ איר האלדז אוועקגעלייגט זיך עמעצ האָט דאָרט;
זי הויבט נאָך אופּ די ליפּ,
ווי זי וואָלט זיך געוואָרגן מיט דער בלאָטע...
איין אויג—מיט גראָז און קויט פארליאפּעט איז שוין
און צוגעקוועטשט צום דנאָ פון פײַכטן ריוו,
דאָס צווייטע אויג האָט נאָך געקוקט און זיך געריסן
און ס'האָט מיט פינצטערניש פון דעם געטריפט.
עס ציטערן די פיס.
איר דוכט—געוויס—
ס'א מיטן וועג,
מע שטעלט זיך אָפּ,
מע דארף זיך בײַטן—
נאָר ס'רײַסן זיך די גרויסע ציין גאלאָפּ
א שפרונג טאָן און אוועק
ווי זי וואָלט עמעצן אין מויל געוואָלט א שפּײַ טאָן...

האָט אנשל אָפּגעוואָרט דעם לעצטן הויכ,
און אז ער נעמט צו דער נעווײַלע זיך א ציִ טאָן,
און אז ער גיט נאָך מיטן דרענגל א דעלובע אים אין בויך
און בויגט זיך אָן,
און שפּרינגט אראָפּ,
און גיט א בלאָנדז
פון עק צום קאָפּ—

ער גייט דאָ אום
דער ערשטער ראָב,
געדעקט מיט שמאַטעס און מיט שינדלען,—
ער קוקט זיך נאָר ארום:
פונוואנען אָנהויבן זאָל ער זי שינדן...
ס'איז אים א שאָד די פעל.
זי ווײַזט אים אויס זיך טויטערהייט נאָך גרעסער,
אין סטעפּ ווערט העל
און—ווי דער טאָג—גייט אוף פאר אים דער מעסער...

ס'איז שטיל. א ווינט א מערדערשקער אזא,
און אנשלען ווערט מיט יעדער רעגע הייסער;
אז אופגעטרענט וואָלט ער זי, ווי א זאק,
די קישקעס פון איר אויסגעטרייסלט
און אָפּגעענדיקט איז די זאך,
און איבעריק דאָ—ניט געדרייט זיך.
נאָר מ'האָט דאָס פערד פארברענען אים געהייסן,
מ'האָט גאנצערהייד פארברענען עם באפעלט;
און ס'גיט דאָס קאָל בא אים א טרייסל:
— א דיעלע פאר דער פאדלע... מער ניט פעלט!..
— א סוד מיט אנשלען ז'ניט געווען נאָך...
און ס'גיט זיך צו די אויגן אים דאָס בלוט א גאָס:
— פארוואָס ט'מען אים געהייסן עס פארברענען?
— און אויב פארברענען אָן דער פעל—איז וואָס?
אז מ'האָט געמאכט, אז אנשל זאָל ניט קענען
אפילע אפּ א פאדלע זײַן א באלעבאָס!
אפילע אפּ זײַן אייגענער נעווײלע,
אפילע אפּ זײַן טויטן סקארב;
אז אלץ געווען איז פאר זיי ווייניק,
אז אלץ געווען איז פאר זיי קארג!
ס'איז קארג פאר זיי געווען די וועלט,
און—נאָך! און—מער! און אלץ אָן אופהער!
— און ווו וועט ער זי אויסבאהאלטן די פעל?
— און ווי וועט ער דערנאָך די פעל פארקויפן?

ער האָט פון טאש א שארפשטיינדל ארויסבאקומען
און אָנגעשפיגן האָט ער בייז אפּ דעם;
אין סטעפּ געוואָיעט ווי א כאיע האָט דער אומעט
און א געדאנק בא אנשלען ט'זיך געדעמפּט:
— זיי וועלן אלע פייגערן ביז איינעם!
מע האָט דאָך ניט פארגינט קיין לעבעדיקן שטיקל סקאָט,

איז אַט—
זיי וועלן אַלע אויספּייגערן ביז איינעם
און שולדיק—איז ניט קיינער,
אזוי וויל—גאָט!

באַשפּיגן האָט ער נאָך אַמאָל דעם שטיין,
דאָס מעסער נאָך אַמאָל א שלייף געטאָן ער האָט,
און מיטן שפּיי צוזאַמען פון די ציין
האָט ער אַרויסגעשפּיגן ווידער:—גאָט!
און גאָט האָט ניט געהאַט קיין קלייט פון אייזן,
און גאָט האָט ניט געבעטן זיך פאַרשרייבן אַפ דער ערד,
און גאָט וועט מען ניט שלעפּן אין סאָוועט אַפ קיין באַווייזן,
און אויספּייגערן וועלן אַלע פערד!
און אַנשל וועט זיי פירן אַלע אָט אַהער,
אין סטעפּ
און—„ווילסטו אַנשל בירעווע, און ווילסטו אַנשל—לעבן!“
אַלציינס איז אַנשלען שוין אַצינדער,
— א קאַברען, צי א קאָניוך, צי א שינדער!

און אַנשל וועט זיי פירן אָט אַהער,
און אַלע טאָג—א פערד,
און—צוואַנציק! פופציק! אַלע!
און אָנחאַלגערן דאָ ס'וועט זיי—א גאַנצער סטאָס,
און אַנשל איז אַליין דאָ—באַלעבאָס!

אַראָפּגעהאַנגען אין זיין באָרד ווי פּעדערדיקע פּאַטלעס,
ער האָט געשלייפט דאָס מעסער און געגלאָצט:
— און אַנשל האָט אַן איינענעם קאָלכאָז
פון פערד געפּייגערטע, נעווײלעס און פון פּאַדלעס!
זיי וועלן אַלע אויספּייגערן ביז איינעם,
אַז מ'האָט דאָך ניט פאַרגינט קיין לעבעדיקן שטיקל סקאָט,
איז אָט,
איז שולדיק איז ניט קיינער,
אזוי וויל—גאָט!
— און גאָט האָט ניט געהאַט קיין קלייט פון אייזן,
— און גאָט האָט ניט געבעטן זיך פאַרשרייבן אַפ דער ערד,
— און גאָט וועט מען ניט שלעפּן אין סאָוועט אַפ קיין באַווייזן,
— און גאָט איז גערעכט!

דאָס פערד ז'געלעגן מיט אַרויסגעשטעקט־פאַרקילטע ציין,
געצויגן האָט זיך טויטערהייט זיין מאָרדע

און בײַסנ האָט ער דאכט זיכ דאָרט געוואָלט די ערד
דאָס מעסער און דעם שטײנ
און אנשל האָט געשנאָרעט שטרוי
און זיכ געמאָרדעוועט,
געבוקט,—
און אופגעלאָפנ ז'דער נעווײלעס בויכ
פונ יעדנ-אנשלס קער,
פונ יעדנ אנשלס קוק.

גענידערט האָט די שײַנ אינ טאָל
מיט גרויענ טריפ
און שטיל געלעקט די גריבער און די הײלנ;
און ווי באהעפטנ זיכ פארטאָג,
אינ ריוו
געקראָכנ אנשל איז אפ דער נעווײלע;
די לופט ז'געווענ אזא ווי וואָל,
דער דנאָ איז נאָכ געווענ געבעט מיט שווארצנ;
נאָר אנשל האָט באשלאָסנ ס'ערשטע מאָל
זיכ אומקערנ אוי, ס'זאָל קײנ פארדאכט זײַנ...

און אנשל האָט באשטימט זיכ אומקערנ אינ דאָרפ
לײַכ ווי א פויער פונ די פעלדער;ז
ער וועט שוינ אינ דער שטיל זיכ אויסזוכנ אנ אָרט
ווו אָפלײגנ דערנאָכ
ער זאָל די פעל דאָרט,—
דאָס ערשטע פערד ט'ער אָנצינדנ. אינגאנצנ.
ער וועט זיכ בלויז ארויפשינדנ פונ דעם
די גריווע און דעם ווײדל.
האָט ער א הויב געטאָנ די אויגנ—טעמפ
נ'דאָס מעסער—גלאנציק
און האָט בעשניטנ דאָס גערעטעניש פונ דער נעווײלע.
ער האָט אים אָנגענומענ אינ דער האנט דעם עק
גלײַכ ווי מע נעמט א בינטל זאנגענ,
און ניט געזענ האָט ער ווי ס'ווערט זײַנ הויט פארפלעקט
נ'ווי טראָפנ ברוינע נעמענ אפ איר צאנקענ,
צו זײַנע אויגנ איז געגאנ פונ סאמע בויכ
דאָס בושע-אָרט
פונ דער נעווײלע,—
דאָס אָרט דורכוואנענ מע געבוירט,
מע פאָרט
און מע פארײניקט,—

האָט ער די אויגן אופגעהויבן: טעמפּ
געקוקט ווי עפּעס בולבעט זיך פון דאָרט
און דעמפּט,
האָט ער געשפּיגן קלעק
און זיך געשאָלטן אין פרימאָרגן;
נאָר ברוינע טראָפּן האָבן אים געלעקט
און די נעווײלע האָט געדרייט צו אים די מאָרדע;
אים האָט זיך אויסגעדוכט, אז ס'טוט איר ווײ נאָך,
האָט ער געשניטן דאָס גערעטעניש בא דער נעווײלע
ווי שוואַרצע סנאָפּעס האָבן די שטיטינעס זיך געבראָכן
און ניט געפּילט, ווי ס'איז אין לײַב דאָס מעסער
אים געקראָכן!..

ווען אופגעגאַנגען ד'דאָס פײַער פון דער פעל דאָרט
און ווען דאָס ערשטע פערד האָט פונעם דאָרף געברענט,
האָט אנשל אומגעקערט זיך ווי א פויער פון די פעלדער
מיט שוואַרצע זאַנגען אין די הענט.
און האָט געטראַכט:—אז מיטן מעסער ט'ער געכאַפּט א קריץ.
און האָט געקרעכצט:—א ווײדל איז פאַראַן שױן
און איצט
— א קאָפּ באַדאַרף מען, אנשל...

גאַנצפרי ט'ער זיך געפּאָרעט מיטן קריץ,
באַם דאַווענען האָט ער דעם ווײדל אָפּגעוווינן.
באַטאָג האָט ער געשוויצט.
באַנאַכט האָט אים א פינצטערניש באַזעצט די אויגן.

אַן אוראַלטער איז ער, דער אומעט אַפן סטעפּ
ווי מוטנער ווײַן איז אַפן סטעפּ דער אומעט;
ער גיט א טשמעל אַזא איבער די קעפּ
און לײגט צופּוסנס זיך אוועק אליין—א שטומער.

און ס'טרינקט דעם אומעט ליגנדיק דער סטעפּ
פון איבערקערטן הימל פון אַרומען;
א יעדער פור פאַרציט ער און פאַרוועבט,
א יעדער שטיבל טראָגט ער ווי א קלומעק...

האָט מען אין שטאַל געבראַכט א פערד א נײַס,
א נעפּל ט'זיך געלײגט צום סטעפּ און אים געגלעט דאָרט;
און אנשלען ט'מען געלײגט צום שטערן אײַז,
זײַן באָרד האָט אַרום מויל געוועלקט און זיך געבלעטערט.

ער האָט אינ פערציק־גראַדוסדיקנ שלאָפ
געמאכט צום ערשטנ מאָל דעם כעזשבנ פונ זײַנ לעבנ
אונ האָט די אויגנ ניט געוואָלט פאנאנדערקלעפנ:
— „אָט האָסטו, אנשל, אימ—דעמ סאָפ!..
אָט האָסטו, אנשל, אפ דער האנט דאָס לעבנ!
געכאָלעמט האָט זיכ פונ דער שטאָל
דאָס ווייכע כראָמקעריי אימ,
געקוקט ט'אפ אימ דער בלאָוער שטאָמ
פונ דער נעווײלעס אָפגעשניטנ פלייש:
— נו אנשל, וואָס?—ס'איז ניט באמאימ,
— נו, אנשל, וואָס?—ס'איז ניט באָאיש!..

די וונד אפ אימ געקראָכנ ווי א שווארצע בינ איז
גענאָגט זי האָט אימ אונ געברענט:
— נו, וויפל וועגנ אנשל, די שטיטינעס?
— נו, וויפל וועגנ אנשל, דײַנע הענט?..

פארוויקלט האָט דעמ ווידל זלאטע אינ א טוכ,
ס'איז איר געווענ א ווייטיק,
א פינצטערע געווענ די שטראָפ איז—
איז זי גענאָג מאכנ א געוויינ אינ קיכ:
— באדארפט האָט ער זי נייטיק
די מאטאָנע פונעמ מאלכאמאָוועס!..

זי האָט געווישט די אויגנ אונ די נאָז
מיט דער פאטשיילע,
געשפאָלטנ האָט איר זיכ דער צונג
אפ צוויי דאָרט,
די האָר האָט זי פונ זיכ געצופט:
— אז וואָס?
אז וואָס איז ער געקראָכנ פלוצימ צ'א נעווײלע?
אז וואָס ט'אימ פלוצימ זיכ פארגלוסט א ווידל?

אינ דרויסנ האָבנ הילכיק פויערימ גערעדט,
די ווערטער ניט געזאָגט, נאָר זיי געקײַעט;
אונ אנשלענ ט'זיכ געדאכט:—ס'איז לעמ זײַנ בעט,
אונ אנשלענ ט'זיכ געדאכט:—ס'איז זייער ווײַט...
לעמ אנשלס בעט געשטאנענ זײַנענ טעפ
מיט טויט, מיט נאכט,
נ'מיט הינערפלעט,—
ער האָט מיט ביידע הענט זיכ געהאלטנ פאר דער בעט

אונ ס'האָט זיכ אימ געדאכט,
ס'איז ניט קיינ בעט,
נאָר ס'איז דער ריוו אינמיטנ סטעפּ,
אונ ער אליינ איז א זאראזיעט פערד,
וואָס טראָגט אָנשטאָט א פעל
— א טאלעסקאָטנ...
אז ס'גייט דאָס גאנצע דאָרף אימ אָפּטאָנ רעכט,
אז אונטערצינדנ אימ פארזאמלט זיכ מע האָט דאָ,—
האָט ער א שטויס געטאָנ פונ זיכ די קאָלדרע די וואטאָווע,
דאָס איַיז—צעשאָטנ:
— זלאטע, טרײַב אוועק פונ מיר דעמ מאלכאמאָוועס!

געדאכט אימ האָט זיכ, אז ער ברענט,
ס'האָט זיכ אימ אויסגעדאכט, אז מ'האָט אימ אָנגעצונדנ,—
געטאפּט האָט ער דאָס לײַב זײַנס מיט די הענט,
ווי ער וואָלט זיכ אליינ געשונדנ.
עס האָט זיכ ארומ אימ די היצ צעלאָזט
אונ אימ פארטראָגנ ווײַט—אימ דוכט ער אינ א הייל איז:
— „אנ אייגענער קאָלכאָז
פונ פערד געפייגערטע, פונ פאדלעס אונ נעווײלעס!"
איז האָט ער מיט דער באָרד פארקערט געווענדט זיכ,
אז צורוקנ מע זאָל אימ צו דעמ פענצטער...

אונ אנשל האָט געזענ מאיאָנטקעס ערד,
ווי פריידיקעס צעוואָרפנ אַז ארומענ;
די שטילקײַט—אזוי ווײַט, די ווײַט—אזוי פארקלערט;
אונ אנשל האָט געקוקט אפּ לינקס אונ רעכטס,
אפּ הויכע סטערטעס ברויט געשלאָפנ איז דער אומעט
אונ אנשל האָט געזענ מאיאָנטקעס רוימ,
אונ ווינטנ אויסגעפּאשעטע אזוינע,
כאָטש וואלגער זיי אוועק אונ—שינד אונ—רויב,
נאָר ס'איז רער ווינט—א סוינע...
דאָ פּאָכעט ער אפּ דיר אונ ברעכט דיכ דאָרט ארויס
אונ בלײַבסט אינמיטנ פעלד—אנ אויסגעקלאפּטע שטרוי נאָר
אונ—ביסט אוימ!
איז אויסגעקרעכצט האָט ער אונ אויסגעפיבערט:
— די קישנ, זלאטע... לייג מיר איבער...

געווענ איז הארבסט אינ סאמע אָנהויב,
די היצ איז אָפּגעפאלנ פונ דער גאס,
געפירט האָבנ די פוירנ דאָס ברויט מיט רויטע פאָנענ,

א יעדער פור—א ווינט, א יעדער ווינט—א גאסט;
געגאנגען זײַנען פורן אָנגעשטאָפּט מיט אויבסט.
מיט קאוועגעס מיט מעכטיקע, מיט גרויסע פּאָמידאָרן,—
און סטעפּ—איז ברייט, און סטעפּ—איז גרויס,
און פערד, ווי רעגנבויגנס—פאָרן—
האָט אים אין הארץ דערלאַנגט דער לעצטער צוק,—
ער איז פון בעט אראָפּ,
צום פענצטער צו
און ביז די ריפּן
פארהוילט דאָס העמד,
און אויסגעכריפּעט
ער האָט דאָרט:—נעמט!

... דעם קאָפּ אין שויב
און צוריק
— א האק,
אביסל שוים,
א כריפּ
און—

— „טאק״!

אראַנגגאנג מ׳איז פון גאס מיט שוויַגנדיקן בויג,
געקוקט, געוויזן און דערמאָנט זיך:
— וואָס זעט זיך אָן נ׳אָ וואלד, פארפלאַנצן נאָך א בוים,
צי אויסהאקן א בוים און אויסוואָרצלען אינגאנצן?..

ש. גאָדינער

# בירעבידזשאַנצעס

## עסטער סטאַראָזאַקאַלקע

עסטער סטאַראָזאַקאַלקע איז פון סאַסע אָנהויב אָן געפאָרן קיין בירעבידזשאַן „עפּעס אויפטאָן“.

מען קאָן ניט זאָגן, אַז זי האָט זיך דערמיט באַרימט אָדער געגרויסט איידער זי איז געפאָרן אַהין. נאָר דער געדאַנק איז געווען. זי האָט אים אין זיך געטראָגן, ווי אַן עמבריאָן.

זי האָט זיך ניט שטאַרק פאַרטראַכט דערויף, ווער האָט עס איר אָנגעשטעקט מיט דעם־דאָזיקן געדאַנק און ווען איז עס געשען.

דעם מאָמענט פון פרײַוויליקער מאָביליזאַציע פון א גרופּע קאָמיוגיסטן פאַר בירעביד־זשאַן אינעם דאָרעמדיקן פּלאַן־עקאָנאָמישן טעכניקום, וווּ זי האָט זיך געלערנט, האָט זי ניט געקאָנט פאַררעכענען אַלס מאָמענט פון אָנשטעקונג.

ערשטנס, האָט דעמאָלט מיטן פאָרטרעגער פּאַסירט א קאָמישע געשיכטע: נאָך זײַן גאַנץ לאַנגן פאָרטראַג, ווען כעווירע האָט אים צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט מיט א גאַנץ באַרג צעטעלעך, קאָנקרעטע פראַגן וועגן לאַנד בירעבידזשאַן גופא, האָט ער נאָר א שול־דיקן קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס און מיט א שמייכעלע־ געענטפערט:

— קינדערלעך, איך בין דאָרט ניט געווען און אַף דעם סאָרט פראַגן,—ער האָט באַ־וויזן א גרויסן פּאַק צעטעלעך,—קאָן איך אײַך ניט ענטפערן. פאַראַן ליטעראַטור... לייענט...

— פאַרוואָס זשע האָט איר ניט געלייענט?

— און צײַט, קינדערלעך?

— אָט האָט איר דאָך געפּאַטערט אומזיסטע צוויי שאָ בא הונדערט יאַטן—צוויי הונ־דערט שאָ!...

— דער כעזשבן איז אַביסל א שנײַדערשער...

נאָר עסטער איז אַוועק פון דער פאַרזאַמלונג אינמיטן דערדאָזיקער דיסקוסיע וועגן שנײַדערשע כעזשבוינעס. זי איז ניט געווען אין צעטל פון די, וואָס האָבן זיך באַדאַרפט פרײַ־ווילִיק מאָביליזירן און האָט זיך צו יענער צײַט מיט בירעבידזשאַן ניט שטאַרק אינטערע־סירט. אָנגעהויבן אינטערעסירן זיך האָט זי שפּעטער, ערשט אין א צוויי כאָדאָשים אַרום, ווען איינע פון די פרײַוויליק מאָביליזירטע איז קראַנק געוואָרן און עמיצער האָט זי געדאַרפט פאַרבײַטן.

צווייטנס, שוינ נאָכדעמ אפילע, ווי דער פארטאָרג פונעמ טעכניקומ האָט זיכ געהאט מיט איר דורכגעשמועסט וועגנ פארבײַטנ דער קראנקער, האָט זי נאָכ אלץ צו בירעבידזשאנ געהאט א קנאפנ אינטערעס.

— איבער וואָס וועל איכ דאָרט ארבעטנ?—האָט זי מיט אופריכטיקנ פארדרוס געפּרעגט.—דו זאָג מיר קאָנקרעט, וועל איכ זענ...

אונ דער פארטאָרג איז אוועק פונ איר מיט גאָרנישט. קאָנקרעט האָט ער איר ניט געהאט וואָס צו זאָגנ אינ דער מינוט.

נאָר ער איז געקומענ צו איר א דריטנ מאָל. אונ אויכ דאָסמאָל האָט זי זיכ בא אימ געבעטנ;

— איכ האָב די גאנצע צײַט געטראכט,—האָט זי אינטימ מיט אימ זיכ געטיילט.—איכ ענדיק דעמ טעכניקומ, לאָז איכ זיכ אפ דער סאמע שווערסטער בויונג—איכ וויל עפּעס אופטאָנ!...

אונ דאָס האָט אנטשידנ עסטערס גורל. דער פארטאָרג האָט זיכ גאָר דערפרייט מיט דערדאָזיקער דערקלערונג אירער. ער האָט זי גענומענ אונטערנ אָרעמ אונ מיט געלאסענע טריט אוועק מיט איר איבערנ לאנגנ קאָרידאָר שפאצירנ, ווי ער וואָלט זיכ געקליבנ ריידנ מיט איר שאָענלאנג.

— אָט דאָס איז דאָכ עס!—האָט ער קימאט אויסגעשריִענ צו איר.—פאר דיר איז עס ווי אָנגעמאָסטנ! ניטאָ קיינ בעסער אָרט, ווו אופצוטאָנ עפּעס אונ... ניטאָ קיינ שווערער אָרט,—האָט ער איר דאָס לעצטע ארײַנגערוימט אינ אויער אונ שיר ניט א קוש געטאָנ איר אינ אויער-לעפּעלע.—אפ דער ערשטער באקאָנטשאפט—נא!—א שטופ געטאָנ א פעקל בראָשורנ וועגנ בירעבידזשאנ צווישנ אָרעמ אונ דער שטײַפער מיידלשער ברוסט, א ווונק געטאָנ צו איר מיט א פריילעכ אויגל, א כאפ געטאָנ אינ זײַנע בײדע הייסע לאפּעס איר גרויסע מאנצבילשע האנט אונ זייער צארט א פרעג געטאָנ:—דו מיינסט, אז מיר איז גרינג ארויסצולאָזנ פונ טעכניקומ אזא טײַער מיידל ווי דו ביסט? נאָר אז מענ דארפ—דארפ מענ! איז אָפּגערעדט, עסטערקע, הא?—אונ פארשווונדנ געוואָרנ.

נאָר אויכ דער געשפּרעכ קאָנ בא עסטערנ ניט פארעכנט ווערנ אלס „אָנשטעקונגס־מאָמענט, ווײַל זי האָט א שטיק צײַט נאָכ אָט דעמ געשפּרעכ געהאט די באהאלטענע האָפענונג, אז די כאווערטע וועט געזונט ווערנ אונ פארנעמענ איר פּלאצ.

די כאווערטע איז ניט געזונט געוואָרנ אונ עסטער האָט זיכ גענומענ גרייטנ צו דער רײַזע. דער עמבריאָנ אינ הארצנ איז ניט אומגעקומענ. פארקערט: עסטערז האָט זיכ געדוכט, אז ער וואקסט. עס האָט איר אָנגעכאפּט א לײַכטע נערוועזיטעט פונ דער נאָענטקײַט פונ איר זעלבשטענדיקנ לעבנ אונ זי האָט דערשפּירט אינ זיכ א גוטע, מונטערע אונ שעפעריש שטימונג.

עטלעכע וואָכנ פאר איר אָפּפאָרנ קיינ בירעבידזשאנ איז זי צוגעפאָרנ אהיימ, צו איר מאמענ אינ שטעטל, זיכ זענ מיט איר, געזעגענענ זיכ.

ווענ זי איז ארָאָפּגעשפּרונגענ פונ וואָגנ, האָט זיכ איר מאמעס פּאָנימ, ווי אנ פריידיקער כאָלעמ, באוויזנ אינ קליינ פענצטערל. הינטער דעמ ווײַנפערלעכ־קוסט.

ס'איז געשטאנענ הויכער זומער. יול כוידעש. זי איז געקומענ אינ א אָפּרר־טאָג. דאָס שטעטל האָט אביסל געשמעקט מיט די סעדלעכ בא די שטיבלעכ, אביסל געשטונקענ מיט די בלאָטעס, וואָס זײַנענ נאָכ אלץ ניט אויסגעטריקנט געוואָרנ, אונ ארומ אונ ארומ האָט עס אויסגעזעענ האלב יאָנטעוודיק, האלב וואָכעדיק.

זיי האָבנ זיכ צעקושט, אָנגעקוקט איינער דעמ אנדערנ אונ ווידער זיכ צעקושט.

— אָט האָסטו עס מיכ אומגעריכט דערפרייט, עסטערקע!—האָט די אַלטע ענדלעכ א זאָג געטאָנ אונ אירע אָפּגעבליטע אויגנ האָבנ זיכ פארצויגנ מיט א פײַכט הײַטל.

עסטער האָט זי א גלעט געטאָנ איבער די נאקעטע גרויע האָר. עסטער האָט פײַנט טרערנ אונ דאָ האָט זי גאָר דערשפירט, ווי בא איר אליינ בעטנ זיכ די טרערנ, ווי די בלינדע הינטלעכ, דרויסנ.

אפּ צו פארטרײַבנ די „הינטלעכ" האָט זי די מוטער ווידעראמאָל א קוש געטאָנ.

— וואָס זשע מאכסטו, מאַמע?

— דו זעסט דאָכ, עסטערקע,—האָט זי איר געוויזנ אפּנ אופּגעראמטנ שטיבל.—דעמ כאזער, וואָס דײַנ אודארניצע האָט באקומענ האָסטו דאָכ שוינ פארזוכט.

— אודארניצע מײַנע!—האָט זי עסטער ארומגענומענ אונ אוועק זיכ וואשנ. (די „הינטלעכ" האָבנ זיכ דאָכ ארויסגעריסנ דרויסנ אונ זי האָט זיי ארויפגעשווינקט מיטנ וואסער אינ פּאָמוניצע ארײַנ).

די ערשטע דרײַפערטל טאָג זײַנענ דורכגעפלויגנ אינ יאָנטעוודיקער פרייד פונ „זעענ זיכ". א יאָר צײַט האָט די אַלטע ניט געזענ זיכ מיט איר טאָכטער. פארנ יאָר איז עסטער שטארק אויסגעוואָקסנ—אינ די פּלייצעס, אינ דער ברוסט, אינ דער לענג. אינ פּאָשעטנ, גלאטנ ציצענעמ קליידל איז פאר דער אלטער איצט געשטאנענ א רײַפער, א דערוואָקסענער מענטש. מיט איר געניט אויג האָט די אַלטע דערזעענ, אז איר עסטער איז געזונט, פולבלוטיק אונ ריינ. „מײַנ בלומ בליט,—האָט די אַלטע אינ דער רעגע געטראכט,—איכ וועל נאָכ דערלעבנ צו זענ די פרוכטנ."

אביסל פארדרוס האָט די אַלטע געהאט אינאָוונט: א פולע שטוב ווײַבער אָנגעלאָפנ געקוקט, באטאפּט מיט די אויגנ עסטערנ פונ אלע זײַטנ, זיכ אויסגעפרעגט אונ נאָכגעפרעגט אונ מיט פארשטשימעטע ליפּעלעכ דערציילט וועגנ די באקלאָגענישנ פונ זייערע אייגענע זינ אונ מעכטער אינ די גרויסע שטעט. ווי שווער עס לעבט זיכ זיי דאָרטנ.

— ניט אלע קאָנענ דאָכ זײַנ קאָסאמאָלצעס...—האָט איינע גיפטיק איר וואָרט אינ געשפּרעכ, ווי א נאָדעלע ארײַנגעשטאָכנ.

— מײַנער שרײַבט,—האָט די צווייטע מיט א קאָל פונ „איינ גאָט זאָל זיכ דערבארעמענ" איבערגעשלאָגנ די ערשטע,—אז ער מוז נעבעכ ארבעטנ באטאָג אפּנ זאוואָד אלס טשאָרנעראבאָטשע אונ באנאכט זיכ לערנענ. איז אימ טאקע נעבעכ זייער שווער. עכ בינ דאָכ ניט קיינ אודארניצע, האָב איכ אימ ניט וואָס צו שיקנ...—האָט די צווייטע געלאסנ איר נאָדל אוועקגעשיקט.

— איכ דארפ שוינ גאָר שווײַגנ...—האָט זיכ די דריטע אָפּגערופנ אונ דאָכ גערעדט—מײַנע וואלגערט זיכ ארומ איבער די באראקעס... אמער, דער זיידע אירער איז פאר סאָבעסקיס צײַטנ געווענ א שניט־קרעמער, דארפ זי דערפאר אָטוועטשײַענ. פריער ווער אויסגע־רי־סנ,—האָט זי זייער ארטיסטיש דאָסדאָזיקע וואָרט דערלאנגט,—וואש דרײַ יאָר די דילנ אינ די סאָוועטסקע קאָנטאָרעס, וועט מענ דערנאָכ עפּשער צולאָזנ צומ ביכל, זיכ לערנענ...

די אַלטע איז קוימ פּאָטער געוואָרנ פונ זיי.

פארנ אוועקגיינ אונ פארנ „גוט־נאכט" האָבנ זיי אלע, ווי צונויפרײַדנדיק זיכ, איבערעלאָזט צו שפּײַ גיפט אפּנ שוועל:

— וואָס זשע זיצסטו, עסטערקע, אינ ציצנ קליידל אינ שטוב?—האָט איינע א פרעג

געטאָנ.—דאָ איז אויכ סאָוועטסקע וולאסט. טו אָנ די קריפּדישינענע אונ גיי ארויס אינ גאס אביסל שפּאצירנ. פאראנ בא אונדז פײַנע באָכערים.

גייט שוינ, גייט! ווי קומט צו איר!...—האָט די צווייטע איר דערווידערט.

— די מאמע ז'דאָכ אנ אודארניצע, די טאָכטער—א סטיטוטקע, א שטודענטקע, מיינ איכ, קאָנ זײַנ, אז ס'פּאסט טאקע ניט...

— גייט אײַכ געזונטערהייט, באלעבאָסטעס... זי וועט אָנטאָנ, אז איר וועט זיכ וועלנ... אונ ס'איז דאָ וואָס אויכ... ווי אינ פּאָסעק שטייט: „קטאָ ביל ניטשעם...“ איר דארפט דאָכ עס ויסנ, ווײַבלעכ...

— זשאבעס... קוואקנ...—האָט די אלטע צו עסטערנ א זאָג געטאָנ, ווענ זי האָט זיי פאר דער טיר ארויסבאגלייט.

אויסגעוואָקסנ איז דער אלטערס פאדרוס אינ א גרויס ווייטעק שפּעט אינ אָוונט, ווענ זי האָט זיכ דערוווּסט, אז עסטער פאָרט קיינ בירעבידזשאנ.

לעכאטכילע איז זי זייער שטארק ברויגעס געוואָרנ. א לאנגע ווײַלע געשוויגנ. ווענ זי האָט געזענ, אז דאָס ווירקט ניט, האָט זי גענומענ ריידנ. לעכאטכילע האָט זי גערעדט מיט איינצלנע אָפּגעריסענע פראזנ. זי האָט זיי געשיקט צו עסטערנ, ווי די פײַלנ: אויסגעשאָסנ אונ געווארט.

— א מאמע האָט א קעצישנ מויעכ...—האָט זי געשיקט די ערשטע פײַל.

עסטער האָט געשוויגנ.

די אלטע האָט דערקלערט:

— וואָס פאר אנ אָבידע א קינד זאָל ניט אָפּטאָנ א מאמע, פארגעסט זי עס גלײַכ.

עסטער האָט געשוויגנ.

— איכ קאָנ מײַנ שטעטל באשטיינ.—האָט זי אינ א ווײַלע ארום ארויסגעלאָזט די צווייטע פײַל.

עסטער האָט געשוויגנ.

די אלטע האָט צוגעווארט א ווײַלע אונ אויכ דאָס דערקלערט:

— אנ אודארניצע בינ איכ. א פּיטילעטקע וועל איכ נאָכ קאָנענ שטריקנ לײַבלעכ אינ ארטעל. דערנאָכ וועט מיר די סאָוועטסקע וולאסט געבנ פּענסיע.

עסטער האָט געשוויגנ.

די אלטע איז געזעסנ אנטקעגנ איר מיט פארלייגטע הענט אפנ בויכ, ווי זי וואָלט בא איר צוגאסט געווענ.

— אי, מײַנע כאלוימעס איז די סאָוועטסקע וולאסט פאר זיי ניט אָטוועטסטווענע...

עסטער האָט ניט אויסגעהאלטנ.

— רייד קלאָרער, מאמע, וואָס ווילסטו?

— גאָרניט.—האָט די אלטע קורצ געענטפערט.

אונ אויכ ניט אויסגעהאלטנ—צערעדט זיכ.

— געטרוי ניט דעמ פרימאָרגנ, זאָג איכ. ער וועט דיכ אָפּנארנ. ער וועט קומענ אינ דײַנ שטוב ארײַנ א ליכטיקער, די זונ וועט אפ דײַנ שוועל שײַנענ, א פייגעלע וועט זיכ בא דײַנ פענצטער צעזינגענ אונ גוטע מענטשנ וועלנ דיר א זיסנ גוט־מאָרגנ אָפּגעבנ אונ א ליכטיקנ אופשטאנד ווינטשעווענ. אונ דער אָוונט וועט דיר ברענגענ אינ שטוב ארײַנ אומעט אונ עלנט...

— פונ וואָס פארא טײַטשבו־עש לייענסטו, מאמע?

— פאַרוואָס עפּעס פון אַ טײַטש־כונעש? פון מײַן אייגענעם לעבן לייען איך... איך האָב געהאָפט: מײַן טאָכטער וועט ענדיקן דעם טעכניקום, זי וועט אָנקומען אַף אַ גוטער שטעלע, זי וועט מיך נעמען אין דער גרויסער שטאָט אַרײַן... איך וועל אַף דער עלטער אַ קוק טאָן כאָטש מיט איין אויג אַף דער וועלט... איך וועל זען אַ טעאַטער, איך וועל לייענען אַ ביכל, איך וועל זײַן אַף אַ סאָבראַניע... איז צוריק געריכט: ווער האָט דיר געהייסן אַף דער עלטער זײַן אַזאַ נאַר און האָבן אַזעלכע פּוסטע כאַלוימעס? ווען די סאָוועטסקע וולאַסט האָט דיך געמאַכט, אַלטער נאַר, פאַר אַן אָרדאַרניצע, האָט זי וועגן דײַנע כאַלוימעס גיט געוווסט און זי איז ניט אַטוועטסטווענע פאַר זיי...

עסטער האָט ווידער געשוויגן.

די אַלטע האָט אויך אַ לאַנגע ווײַלע געשוויגן. דערנאָך האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן און דאָס שווײַגן איבערגעריסן.

— גענוג געטײַנעט!—האָט זי שטיל אַ זאָג געטאָן.—דו קאָנסט זיך טאָן ווי דיר ווילט זיך, טאָכטערקע. איצט קום שלאָפן. ביסט פאַרמאַטערט פון וועג.

באַנאַכט האָט עסטער געהערט, ווי די אַלטע האָט שטיל געקרעכצט. עס האָט זיך איר אויך געדוכט, אַז זי הערט ווי די מוטער אירע כליפּעט אין דער שטיל. דערנאָך האָט זי דערשפּירט, אַז די אַלטע איז אײַנגעשלאָפן. די פענצטער האָבן זיך שוין באַוואַשן מיט גרויקײַט. עס האָט געטאָגט. עסטער האָט פאַרמאַכט די אויגן און קימאַט מיט גוואַלד אײַנגעשלאָפן.

אַף מאָרגן אינדערפרי האָט זיך דער אַלטערס קאַעס געשטאַרקט.

זי איז אופגעשטאַנען די ערשטע. זי האָט געטאָן אַלע אירע שטוב־אַרבעטן ווי געווײנלעך. אַ האַלבע שאָ פאַרן אַוועקגיין צו דער אַרבעט האָט זי עסטערן אופגעוועקט.

— שטיי אוף, עסטער,—האָט זי קאַלט צו איר געזאָגט,—איך דאַרף אַף דער אַרבעט גיין.

עסטערן איז געוואָרן אומהיימלעך פון דער אָפּגעפרעמדטער באַציִונג. זי איז אופגעשפרונגען, אָפּגיך זיך אָנגעטאָן.

— מאַמע,—האָט זי צו איר מיט אַ פול האַרץ אַ זאָג געטאָן,—איך דאַרף הײַנט אַוועקפאָרן...

— געזונטערהייט.—האָט די אַלטע געענטפערט.

אין האַרצן האָט זי געטראַכט: „גלײַכער וואָלסטו ניט געקומען!“ אָבער געזאָגט האָט זי עפּעס אַנדערש.

— טו, וואָס דו ווילסט, טאָכטער. איך וועל צוליב דיר קיין פראָגול ניט מאַכן, מײַן פּאָנים ניט פאַרשעמען.

פאַרן אַוועקגיין, פון שוועל, האָט זי צו איר אַ זאָג געטאָן:

— עס אָפּ. נעם זיך פון קאָמאָד, וואָס דו באַדאַרפסט.

און אַוועק צו דער אַרבעט.

עסטער האָט געעפנט דעם פענצטער. דער פרימאָרגן האָט געשמעקט מיט טוי פון די פעלדער, מיטן דופט פון די סעדלעך באַ די שטיבלעך, מיטן פוילבלעכן גערוך פון די בעדיכט־געוואָרנע, אָבער נאָך אַלץ ניט אויסגעטריקנטע בלאָטעס.

עסטער האָט געזען, ווי די מוטער אירע האָט געשפאַנט איבער דער גאַס מיט אַן אומישנע אויסגעגלײַכטער פלייצע. עס האָט איר געקאָסט מי, דער אַלטער, צו האַלטן גלײַך די פלייצע, אָבער זי האָט עס אויסגעפירט.

„די אַלטע סטאַראָזשאַקאַלקעס האָבן דיך געלאָזט גערירסן‟—האָט עסטער וועגן איר מרטער געטראַכט, און עס האָט זיך איר געוואָלט וואָס גיכער אַוועקפֿאָרן פֿון דאַנען.

נאָכמיטאָג איז זי שוין געזעסן אַפֿ דער פֿור. זי האָט געהייסן דעם פֿורמאַן פֿאַרקערעווען צום אַרטעל.

אין אַרטעל האָבן זי אַלע אָפֿן אָנגעקוקט און זי האָט געזען, ווי זיי אַלע טראַכטן איינס און דאָס זעלבע: „אָט דאָס איז סטאַראָזשאַקאַלטשיכעס סטודענטקע, מיט וועלכער זי באַרימט זיך אומעטום?

די אַלטע האָט לעכאַטכילע די אַרבעט ניט געוואָלט וואַרפֿן.

— נו, גוט, נו...—האָט זי אַ זאָג געטאָן.—נו, לאָמיר זיך דאָ געזעגענען...

עס האָט זיך אויך געדאַרפֿט אַרייַנמישן דער פֿאָרזיצער פֿון אַרטעל אַליין.

— גייט שוין, גייט, סאָרקע! מאַכט זיך ניט פֿאַר קיין שטאָלענער!—האָט ער זי אויפֿגעהויבן פֿון איר אָרט פֿאַר די אַקסלען.—אַ טאָכטער פֿאָרט אַוועק פֿאַר צען טויזנט מייַל— באַגלייט זי אַביסל. מירן אייַך דערפֿאַר אויס אודאַרניצע ניט מאַכן...

דאָס פֿורל איז געפֿאָרן פֿאָרויס. עסטער מיט דער אַלטער זייַנען געגאַנגען פֿון הינטן. דער אַלטער האָט זיך פּלוצלינג אויסגעדוכט, אַז זי גייט אַפֿ דער טאָכטערס לעוואַיע. זי האָט ניט אויסגעהאַלטן דעם שטיינערנעם כאַראַקטער, וואָס זי האָט זיך נעכטן אייַנאָונט אָנגעמאָסטן און אַ גרויסן פֿלייץ געטאָן מיט מוטערשע טרערן, כאָטש געשפּאַנט האָט זי נאָך אַלץ גלייַך און רויִק.

דער ווילן צו זייַן פֿרייַ און שטאָלץ איז בײַ דער דאָזיקער ייִדענע זייער שטאַרק געווען.

„וואָס וויין איך, דער נאַר,—האָט זי דערבייַ פֿאַר זיך געטראַכט און דאָך ניט געקאָנט אייַנהאַלטן די טרערן.— איך באַגלייט אַרויס אַ טאָכטער אין דער גרויסער וועלט אַרייַן... אי, וואָס איך בלייַב עלנט, איז וואָס איז זי שולדיק?‟

נאָר אין אַ ווייַלע אַרום האָט זי אויסגעווישט די טרערן און צו עסטערן רויִק גערעדט:

— האָסטו באַשלאָסן—קאָנסטו פֿאָרן רויִק, טאָכטער. איך וועל זיך ווי עס ניט איז פֿאַרקרעמפּעווען... וואָס איך וויל דיר דערציילן, איז וועגן דייַן זיידן, דייַן טאַטנס טאַטן... דו האָסט אים ניט געקאָנט. דאָס איז געווען אַ ייִד—אַ בער. ער איז אייביק געגאַנגען מיט צעשפּרייטע הענט, ווייַל פֿון שטענדיקן שלעפּן די קאַסטנס מיט די פּעק זייַנען זיך די הענט בײַ אים ניט צונויפֿגעגאַנגען. ער האָט אייביק געשפּאַנט מיט צעשפּרייטע פֿיס, ווייַל פֿון שטענדיקן שלעפּן די אַכט־פּודיקע פּעק אָפֿן ברעג האָבן זיך די פֿיס אָפּגעוווינט צו גיין מיט אַ מענטשלעכן טראָט. ער איז געשטאָרבן בײַ דער אַרבעט. ער איז געפֿאַלן אונטער דער לאַסט. טאַקע אָפֿן ברעג גופֿע. באַם אויסלאָדן אַ שיף. פֿונדעסטוועגן האָט ער נאָך באַוויזן זיך אויפֿצוהייבן אַפֿ אַ ווייַלע און אויסשטעלן אַ פּאָר קולאַקעס דער וועלט און פֿאַרשטעלן זי פֿאַר זייַנע פֿינצטערן לעבן. די לאָמאָוויקעס האָבן אים אַ טויטן פֿון ברעג געבראַכט. די קולאַקעס זייַנע האָט מען ניט געקאָנט פֿאַנאַנדערנעמען. מע האָט אים געמוזט אַזוי באַהאַלטן, מיט די צונויפֿגעשטשימעטע קולאַקעס. איך וועל מיסטאָמע שטאַרבן מיט אַ רויִקערן טויט. און אַ לעוואַיע וועל איך מיסטאָמע האָבן אַ שענערע. דער אַרטעלנער אָרקעסטער וועט מיסטאָמע שפּילן דעם פּאָכאָראָנעם מאַרש אַפֿ מייַן לעוואַיע. איך רייד דאָס אָנטקעגן דעם, וואָס איך האָב זיך נעכטן אַרויסגעכאַפּט מיט נאַרישע רייד וועגן טיאַטער און סאָבראַניעס. ניט דאָס האָב איך געמיינט. איך טראַכט די גאַנצע צייַט וועגן

דײַנ לעבנ. די סאָוועטסקע וולאַסט, זע איכ, שטייט פארנ אָרעמאַנ. קומט אויס לויט מײַנ כעזשבנ, אַז אפ צוויי פינצטערע לעבנס אײנעם אמאָל דאַרפ זי דערלאַנגענ איינ לעבנ א·ליכטיקנ איצט. דיר קומט עס. איכ טראַכט: דו האָסט זיכ שוינ גוט באַטראַכט? עפשער קומט די געוועזענע גווירישע קינדער, זיי זאָלנ פאָרנ אהינ? זיי האָבנ זייערס אָפּגעלעבט, זאָלנ זיי איצט א האָרעווע טאָנ! עפשער האָט שוינ פאַר דיר אָפּגעהאָרעוועט דײַנ זיידע דער טרעגער, דײַנ טאַטע דער שמיד, דײַנ מאַמע די שטריקערקע? עפשער וואָלסטו שוינ געמעגט לעבנ ווי א מענטש אונ ניט פאָרנ?

זיי זײַנענ שוינ געווענ אויסערנ שטעטל.

די זונ האָט גוט געוואַרעמט. דאָס סאָסנע-וועלדל האָט געדיכט געשמעקט מיט צעוואַרעמטער סמאָלע. פייגל זײַנענ ארומגעלאָפנ אונ געצווישטשערט. קינדער האָבנ אינ וואַלד לידער געזונגענ. ערגעצ ווײַט אינ דער לינקער זײַט פונ וועג האָט זיכ א טויבע שיסערײַ געהערט. רויטאַרמייער האָבנ זיכ געלערנט שיסנ.

עסטער האָט די אַלטע ארומגענומענ.

— מאַמע, דאָס, וואָס איכ טו איז אפ גוט לעבנ. פאַר זיכ אונ פאַר אַנדערע. מיר וועלנ זיכ דאָכ נאָכ זענ אינ יענעם גוטנ לעבנ. ווי שעמסטו זיכ ניט!

— גוט,—האָט די אַלטע א זאָג געטאָנ.—פאָר געזונטערהייט.

איינ קוש געטאָנ זי אונ אוועק.

נאָר זי האָט פונדעסטוועגנ ניט אויסגעהאַלטנ, די אַלטע.

א טאָג פאַר איר אָפּפאָרנ קיינ ביראָבידזשאַנ, האָט עסטער פונ איר באַקומענ אַזא טעלעגראַמע:

„וואַרט צו אפ מיר איכ פאָר זיכ געזעגענענ מיט דיר.

עסטער האָט א שמייכל געטאָנ: „מיר קאָנענ זיכ, מאַמינקע. א מילכאָמע האָסטו מיר דערקלערט. אינ טעכניקום געשריבנ. דער ווייכהאַרציקער פאַרטאָרג איז שוינ באַלד מאַסקים מיט דיר...”

אונ אינדערהויכ האָט זי א זאָג געטאָנ, ווי די אַלטע וואָלט דאָ אַנטקעגנ איר געשטאַנענ!

— ניינ, מאַמע, דאָס וועסטו בא מיר ניט אויספירנ!

זי איז אוועקגעלאָפנ, אויסגעביטנ דעם בילעט אונ איז אוועקגעפאָרנ אַליינ, אפ א מעסלעס פריִער פאַר איר קאָמפּאַניע, אפ 14 שאָ פריִער איידער די מוטער אירע איז אָנגעקומענ אינ דער דאָרעמ־שטאָט.

ווענ די אַלטע איז געקומענ אינ שטאָט אונ ניט געטראָפנ עסטערנ, האָט זי זיכ דערופ ניט געכידעשט. פאַר די כאַראַקטערס פונ די סטאַרעזאַקאַלקעס האָט עס געפּאַסט. זי האָט זיכ געכאַפּט, אַז זי אינ האַרצנ איז אפילע צופרידנ מיט עסטערס שריט. די כעווראַ, וואָס האָבנ באַדאַרפט מיטפאָרנ מיט עסטערנ, האָבנ די אַלטע אפנ וואָקזאַל באַגעגנט. אַזוי איז געווענ אָפּגערעדט.

— מומע,—האָט איינער א באָכער מיט פריילעכע אויגנ גלײַכ אפ איר אָנגעטראָפנ,— איר זײַט סאָרקע סטאַראָזאַקאַלקע? קומט צו אונדז... אינ טעכניקום... עסטער האָט געמוזט אָפּפאָרנ...

—דערציילט מיר ניט קיינ באָבע־מײַסעס וועגנ „מוזנ”.—האָט זי איט גלײַכ אָפּגעשטעלט.—זאָג דעם עמעס: זי האָט געוואָלט, איז זי אוועקגעפאָרנ.

זי האָט פאַרבראַכט מיט דער כעוורע די 14 שאָ, וואָס איז זיי געבליבן צו זייער צוג. זי האָט זיי געהאָלפן זיך פּאַקעווען און היים מיט זיי זיך געזעגנט און אַרויסבאַגלייט.

אויף צוריקוועגס האָט זי געטראַכט.

„ס'איז דיר אָפּגעקומען אַ טאָכטער, וועלכע דו האָסט געוואָלט ניאַנטשען און קעכלען, געבן איר נאַשן דעם כאַזער פון דײַן אורדאַרנעט פּאַיאָק. און ס'איז צוגעקומען דער וועלט אַ מענטש. און אַ מענטש מיט אַ כאַראַקטער. איז וואָס זשע ווילסטו, אַלטער נאַר?...

ווי נאָר זי איז געקומען אַהיים, האָט זי זיך געזעצט און אָנגעשריבן אַ בריוול עסטערן.

... „די סטאַראָזאַקאַלקעס האָבן דיך געלאָזט גריסן. דו ביסט אַנטלאָפן אין דײַן בירעבידזשאַן, ווי די העפּקיירעניצעס פּלעגן אַמאָל אַנטלויפן מיט אָפיצערן. שרײַב מיר כאָטש אָן, וואָס פאַרא לאַנד דאָס איז און צי האָט דיר געלוינט צו לויפן און צי איז דאָרטן כאָטש אַמאָל די זון פאַראַן. איך האָב געהערט, אַז מע האָט דיך פּרעמיִרט מיט אַ ביקסל. איז וואָלט איך דיר געוואָלט זאָגן אָט וואָס, אַז שיסן קאָן זיך אויסלערנען אַ יעדער איינער נאָר איך וואָלט אַ באַלענטע געווען צו ווײסן צי פּאַמאַגסטע כאָטש אַ העלפט סײכל פון דעם אַקשאָנעס וואָס דו פאַרמאָגסט. דאָס שרײַבט דיר דײַן מומע סאָרקע.

דאָס איז געווען גאָר קער בריוו.

דעם בריוו האָט עסטער באַקומען אין אַ וואָך אַרום נאָך איר אָנקומען קיין בירעבידזשאַן. מיטן בריוו איז זי שטאָלץ געווען. דער „עמבריאָן“ אין האַרצן איז אויסגעוואַקסן אין אַ לעבעדיקן פאַרלאַנג „טאָן און אויפטאָן“.

צוויי וואָכן איז זי אײַנגעשטאַנען אויפן איבערוואַנדער־פּונקט. געוואַרט אויף אַ צימער און אַרבעט.

אויף דער דריטער וואָך האָט זי אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אויף די בירעבידזשאַנער טוער און אַליין צונויפגעפירט זיך מיט ייִסראָעל ברוידע וועגן אַ ווינקל פאַר איר אין זײַן נײַער שטוב.

אויף דער פערטער וואָך האָט זי באַקומען אַרבעט אין רײַפּלאַן.

אויף דער פינפטער וואָך האָט זי זיך באַקאָנט מיט האָדעסן און באַקומען אַ קאָמאַנדירונג איבערן ראַיאָן.

דאָס איז געווען אַן אַנטשיידענער מאָמענט אין איר נײַ לעבן און דערפון הייבט זיך אָן די געשיכטע, וואָס זי האָט פאַרקאָכט אין בירעבידזשאַן, דער איניען, וואָס זי האָט פאַרפירט אויפן גרונט פון איין גרויער פּאַפּקע מאַטעריאַלן אינטערן טישל.

בירעבידזשאַן

„דאָס לעבן גופא“

אָקטיאַבער—דעקאַבער 1932 יאָר.

זיסקינד ליעוו

# באַם גראַף *)

דער גראַף איז געשטאַנען אינמיטן שטוב. הויך, שמאָל, אַ קליינע בלאָנדע וואָנצע, שטרענג ערנסט: גראַף ערנסט פאָן שריינ־גרײַפּסוואַלדע.

זײַנע קליינע בלאַסע אויגן האָבן געקוקט אַרום די ווענט. פּאַוואָליע באַטראַכט אַ וואַנט נאָך אַ וואַנט.

ברוינע געשטיקטע פאָרהאַנגען זײַנען אַראָפּגעהאַנגען איבער די צוויי ברייטע פענצטער. בלויז אַ שמאָלער שטרײַף גלאָז איז געבליבן פרײַ צווישן די פאָרהאַנגען. גרינע שפּיצן פון ביימער האָבן זיך געוויזן דורך די שמאָלע שטרײַפן גלאָז, ווײַטער אַ זילבערדיק אויסגעצויגענער דראָט מיט אַ קײַלעכיקן גרויסן עלעקטרישן לאָמפּ, נאָך ווײַטער אַ ברייטער, גראָער, גלאַטיקער פאַסאַד פון אַ הויז מיט ברייטע פענצטער.

אין שטוב, רעכטע זײַט, איז געשטאַנען אַ ברייטע ביכער־שאַפע מיט געבויגן גלאָז. אַף דער וואַנט, פון ביידע זײַטן שאַפע, זײַנען געהאַנגען צוויי גרויסע, ברייטע בילדער. דאָס לינקע בילד — אַ הויכער, גאָר הויכער ווײַסער קראַגן, אַ לאַנגע שאַרף־קאָנטיקע געמבע, אַ לאַנגע שטײַף־אויסגעצויגענע וואָנצע, קליינע בלאַסע אויגן־שפּילקעס, ווי צוויי אָפּגעבליאַקעוועטע אַלטע דימענטלעך אין מיט פּאָנעם — דעם גראַפס פאַרשטאָרבענער פאָטער. דאָס רעכטע בילד — דעם גראַפס מוטער.

באַ דער וואַנט, לינקע זײַט, איז געשטאַנען אַ ברייטער שווערער שרײַבטיש. נוס־ברוין פּאַלירט, מיט אַכט קורצע שווערע לייבן־פיס, ווי באַ דער שאַפע. אַפן שרײַבטיש איז געשטאַנען אַ גרויסער טונקל־מאַרמאָרנער טינטנפאַס, מער גאָרניט.

דער גראַף האָט געדרייט די אויגן צו דער וואַנט אַקעגן די פענצטער. דאָרט זײַנען געווען צוויי טירן, איין טיר, די רעכטע, איז געשטאַנען אָפן. אין דער אָפענער טיר איז געשטאַנען אײַנגעבויגן דער אַלטער דינער.

ער האָט אויפגעהויבן די אויגן. צוויי שווערע גרויע ברעמען האָבן שטום עפּעס געפרעגט.

— פיר, זעקס, זיבן שטולן. — האָט דער גראַף געזאָגט.

דער דינער איז אַוועק פון דער טיר, געבראַכט צוויי שטולן, און נאָך צוויי ביז זיבן.

ער איז ווידער געשטאַנען אין דער אָפענער טיר, אײַנגעבויגן. די צוויי שווערע גראָע ברעמען האָבן ווידער שטום עפּעס געפרעגט!

דער גראַף האָט אַרויסגענומען די פינגער פון דער אויבערשטער וועסטל־קעשענע.

דער אַלטער דינער איז אַוועק פון דער טיר, די טיר האָט זיך צוגעמאַכט.

---

*) אַ קאַפּיטל פון בוך „פּראָלעטן פון בערלין“, וואָס דערשײַנט אינגיכן.

צוויי פארמאכטע, פעסטע, שווערע טירנ, מיט ברייטע קארניזנ, מיט צוויי לייבנ איינגעקריצט אינ די קארניזנ איבער יעדער טיר. די טירנ זייַנענ געווענ ברוינ, טונקל ברוינ לאַקירט. אונ צווישנ טיר אונ טיר איז פונ דער וואנט אראָפּגעהאנגענ א לאַנגנ אויסגעצויגנ בילד, מיט אסאכ שווארצ אונ רויט אינ די פארבנ—די פארבנ זייַנענ געווענ געפּרעסט אונ הארט: אדאָלף היטלער.

שטייט דער גראפ אונ קוקט אפנ בילד. דאָס בילד גרייכט פונ א האלבנ מעטער פונ דער פּאָדלאָגע ביז העכער די איינגעקריצטע לייבנ אינ די טיר־קארניזנ. קוקט דער גראפ אונ גייט צו נעענטער צום בילד. זייַנ פּאָנעם שפּיגלט זיכ אָפּ דייַטלעכ אינ די שווארצע פארבנ פונ אדאָלף היטלערס געפּרעסטע הויזנ. זייַנ לענגלעכ פּאָנעם, דינע הויט, קליינע בלאָנדע וואָנצע, קליינע בלאסע אויגנ, לאנגע נאָז. דייַטלעכ שפּיגלט זיכ אָפּ אינ די שווארצע געפּרעסטע הויזנ דאָס גאנצע פּאָנעם—גראפ ערנסט פאָנ שריינ־גרייפּסוואלדע...

פּלוצים, זע, דער מאָנאָקל גיט א פינקל, גיט א שמייכל... אונ די צוויי פינגער פונ דער רעכטער האנט הייבנ זיכ אופ באַם גראפ, דאָס לינקע אויג קנייטשט זיכ, דאָס רעכטע אויג לאָזט ארויס פארשעמט דעם מאָנאָקל... ער האָט זיכ דערמאָנט, אז צווישנ די לייַט פונ שטורם 33 טאָר ער אזוינס ניט טראָגנ.

דער מאָנאָקל גייט אריינ אינ דער לינקער וועסטל־קעשענע, אונ דער גראפ גייט צו דער לינקער טיר, עפנט, פארויכערט א ציגארעטל אונ גייט אריינ אינ דער נעענטער שטוב.

א גרינ־פּליושענע שטוב. די ווענט, דאָס מעבל—אלצ אינ גרינעם פּליוש. אינ דער שמאָלער לענגלעכיקער שטוב זיצט בא א גרינ פּליושענעם שרייַבטיש לעבנ פענצטער, אקעגנ דער טיר, אייַנגעבויגנ א שמאָלער טיפ־גרויער פּרויענ־קאָפּ. אונ אינ דער מיט לינקער וואנט שטייט א גרינ־פּליושענע קליינע קאנאפּקע, דאָרט לאָזט זיכ דער גראפ אראָפּ אינ ווייכנ שפּרינגענדיקנ געבעט. נאָכאמאָל שפּרינגט אופ דאָס גרינ־ווייכע געבעט, אונ ווייַסבראָער ציגארנ־רויכ שפּרייט זיכ איבערנ גראפס פּאָנעם ווי קליינע פארכמארעטע וואָלקנדלעכ.

— באקומסט הייַנט באזוכ?—פרעגט דער אייַנגעבויגענער פּרויענקאָפּ, ניט אויסגלייַכנדיק זיכ.

— מיר האָבנ הייַנט א זיצונג.—ענטפערט דער גראפ לייַכט, מיט ווערטער, וואָס קומענ ארויס פונ צווישנ נאָז אונ וואָנצע, ווי דער לייַכטער געקרייַזלטער רויכ.

אונ פרעגט:

— וואָס שרייַבסטו? צו וועמענ?

פונ אייַנגעבויגענעם קאָפּ הערט זיכ א זיפצ. דערנאָכ:

דער אייַנגעבויגענער קאָפּ גלייַכט זיכ אויס, פּאַוואָליע, אונ קערט זיכ צו צום גראפ. א שמאָלער קאָפּ, צוגעשפּיצט בא דער דארער געמבקע. גראָע שיטערע ברעמעלעכ, קליינע בלאסע אויגנ, פארלאָרנ צווישנ אסאכ ווייכע אונ קליינע קנייטשעלעכ. א גרויסע נאָז.

אזויפיל אינ ערשטנ אויגנבליק.

דערנאָכ זעט דאָס אויג די צוויי פאפירנ־דינע באקנ־הייַטלעכ, באשמירט אונ באפּודערט מיט גרינער פארנאכטיקער מאטקייַט.

די גרויע שיטערע ברעמעלעכ הייבנ זיכ אופ, פּאַוואָליע אונ מיט שווערקייַט. די־

קליינע בלאסע אויגנ קוקנ אפנ גראפ, לאנג און אָנגעשטרענגט. דערנאָכ עפענענ זיכ די גרינע ליפנ:

— איכ זע דאָס שוינ, אז דו ווילסט דיכ מיט אונדזערע גיטער מער ניט אָפגעבנ. דאָס פאָטערלעכע פארמעגנ גייט דיכ מער ניט אָנ. איכ שרייב צומ אָנקל, אז ער זאָל קומענ. עפשער וועט אימ געלונגענ בא דיר מער אופצוטאָנ ווי מיר.

און די גרינע פארנאכטיקע מאטקייט פונ די פאפירנ-זינע באקנ-הייטלעכ בלאָזנ פונ זיכ מיט אָנגעשטרענגטער זאָרג און מידקייט.

דער גראפ זיצט אינ ווייכנ גרינעמ געבעט אויסגעשטעקט, אויסגעצויגנ, רויכערט פאוואָליע און קוקט ארופ אינ דערהויכ.

עס ציִענ זיכ די מינוטנ פארנאכטיק שטיל און שווער. דער גראָער פרויענ-קאָפ זיפצט.

דער גראפ קוקט ארופ אינדערהויכ, זאָגט:

— די אָפהיטונג פונ פאָטערלעכנ פארמעגנ ליגט היינט ניט אינ די הענט פונ א גוטער ווירטשאפטלעכער פירונג, נאָר אינ די הענט פונ א קלוגער פאָליטישער פירונג.

יעדעס וואָרט באזונדער ארויסגערעדט, שארפ אונטערגעשטראָכנ.

און דער גראָער פרויענ קאָפ זיפצט, די שיטערע ברעמלעכ באוועגנ זיכ אָנגעשטרענגט.

— א קלוגע פאָליטישע פירונג, זאָגסטו? גיי אינ די גיטער, וויז דיכ פאר די אָנגעשטעלטע, פאר די ארבעטער, טו א מענטשלעכ ווערק! א קולטורער ווערט. וויז דיכ פאר זיי, ערנסט, דאָס וועט זיינ א קלוגע פאָליטישע פירונג...

דער גראפ האָט געלאכט, שטיל, פארטראכט, טיפ אינ זיכ ארייַנגעלאכט. און זי האָט צוגעשאָקלט מיטנ קאָפ, מיט א פארקנייטשטנ שטערנ, מיט פארזאָרגטע רונצלענ ארומ קליינעמ מויל.

— יאָ... אנטשולדיקט.—האָט זיכ דער גראפ אָפגערופנ, און צוגעוואַרט א ווײַלע.—די ארבעטער און די אָנגעשטעלטע וועלנ ניט זיינ צופרידנ היינט בלויז פונ א גוט מענטשלעכ ווערק, זיי פארלאנגענ היינט עפעס אנדערש, זיי פארלאנגענ מער! די ארבעטער און די אָנגעשטעלטע. מוטער—צווישנ אונדז שטייט די צייט!

— די צייט, זאָגסטו? ניינ, ניינ, ניינ...—זי האָט ארויסגענומענ א קליינ פיצינקע נאָדטיכעלע פונ לינקנ ארבל, א גרינ-בלוי געפארבטע, און צוויי מאָל מיט דעמ אָנגערירט די שפיצ נאָז, פאוואָליע, לייכט, ווי זי וואָלט מוירע געהאט, אז פונ א שטארקערנ ריר זאָל זיכ די נאָז ניט צעפאלנ.—ניינ, ניינ.. צווישנ אונדז שטייט ניט די צייט. ניט די צייט האָט זיכ געענדערט, נאָר די מענטשנ זיינענ אנדערש געוואָרנ. די מענטשנ. זיי זיינענ געוואָרנ אנדערע—און דו ביסט אנ אנדערער... די שולע, וואָס דיינ פאָטער האָט פאר זיי געבויט אינ דאָרפ, דארפנ די מענטשנהיינט ניט מער האָבנ. די רעגירונג בויט גענוג שולנ. היינט דארפ מענ האָבנ בעסערע הייזער, שענערע וווינונגענ, באקוועמערע, היגיעניש. דאָס דארפנ היינט די מענטשנ האָבנ. און דאָ אז מע לייגט ארייַנ געלט, איז עס ניט פארפאלנ, צאָלט עס נאָכ אָפ פראָצענטנ. און די מענטשנ זיינענ צופרידנ.—זי האָט ווידער צוויי מאָל א טאפ געטאָנ מיטנ טיכעלע די שפיצ נאָז און ארייַנגעלייגט עס פאוואָליע אינ לינקנ ארבל.—א פארווײַלונג דארפנ היינט האָבנ די מענטשנ.. וועלנ זיי ניט אנטלויפנ אינ די שטעט, וועלנ זיי בלייבנ אפנ גוט און זיינ צופרידנ. א טאנצ-לאָקאל, לופטיק, גערוימיק און שיינ—און מאָדערנע מוזיק, און אמאָל א טענצערנ—יאָ, יאָ דאָס דארפ מענ פאר זיי שאפנ יאָ, יאָ, דאָס איז די היינטיקע קולטור... און דו — — —

זי האָט געזענ, אז ער האָט שוינ ניט מער צוגעהערט, אז עס איז אימ שוינ געווענ לאנגווײַליק איר ריידנ. זײַנ קאָפ איז געווענ ארופגעלייגט אפנ הויכנ אָנלעג פונ דער קאנאפקע, אונ די אויגנ זײַנענ געווענ צוגעמאכט, זי האָט מער ניט גערעדט. אוועקגעדרייט פאוואָליע אונ פארשעמט איר צוגעשפיצט פאָנעמ אונ געזיפצט. איינמאָל, טיפ אונ הויכ...

ערשט דעמלט האָט זיכ דער גראפ גערירט. דאָס ווייכע געבעט אונטער אימ האָט צווייַמאָל א שפרונג געטאָנ. אינ דער טיפ האָט געקלונגענ 'א פרוזשינע. ער האָט פארלייגט די לאנגע הענט איבער דער ארויסגעשטעלטער ברוסט.

— ניינ, מוטער, אנטשולדיקט... דאָס איז ניט אזוי ווי דו זאָגסט. ניט שולנ, ניט הײַזער, ניט פארווײַלונגענ אינטערעסירנ הײַנט די מענטשנ—די ארבעטער, זיי ווילנ האָבנ מער, זיי ווילנ אלצ!—צוגעווארט א ווײַלע, די מוטער האָט ווידער אויסגעדרייט צו אימ איר צוגעשפיצט פאָנעמ.—די צײַט, מוטער, איז אנ אנדערע, אונ ניט די מענטשנ. די מענטשנ טאנצנ נאָכ דער מוזיק פונ דער צײַט... זייערע קאפעלמײַסטער זײַנענ הײַנט מארקס אונ לענינ!

ער איז אופגעשטאנענ, געמאכט עטלעכע שפאנ איבער דער שמאָלער שטוב, דערבײַ געוואָרפנ שארפע שטרענגע בליקנ צו דער טיר, צומ פענצטער, איבער די ווענט—ווי ער וואָלט אומעטומ געזוכט צי שפרינגענ ניט פונ ערגעצ ארויס מארקס אונ לענינ, די שרעקלעכע קאפעלמײַסטער...

דערנאָכ האָט ער זיכ אָפגעשטעלט לעבנ דער מוטער, הינטער איר רוקנ, אראָפגעלאָזט צו איר זײַנ לאנגנ קאָפ, ארופגעלייגט אפ אירע שפיציקע פלייצעס זײַנע לאנגע הענט אונ פאוואָליע ארויסגערעדט וואָרט נאָכ וואָרט:

— דער קאָמוניזמ איז הײַנט אינ דײַטשלאנד שטארק. ער איז שטארק אינ דאָרפ פונקט ווי אינ שטאָט. ער ציט צו זיכ צו די ארבעטער ווי אָנ א אומגעהויערער צויבער־מאגנעט. אינ א כוידעש, אָדער אינ א יאָר, אָדער אינ צוויי, ווענ ער וועט האָבנ אָנגעזאמלט ארומ זיכ גענוג מענטשנ וועט דער קאָמוניזמ א פלייצ טאָנ איבער דײַטשלאנד, וועט ער א שטראָמ טאָנ ווי א שלאנגענ־רעגנ פונ אלע זײַטנ, מיט אזא קראפט אונ מיט אזא פארביסנקײַט, אז ער וועט אָפוואַרפנ יעדע קעגנגעשטעלטע מאכט אונ וועט פארוויסטנ דאָס גאנצע לאנד פונ איינ עק ביז צומ אנדערנ! דער קאָמוניזמ וועט זיכ אראָפלאָזנ אפ אונדז ווי א וולקאנ... מיט שרעקלעכע הענט פונ אײַזנ וועט ער זיכ ארויסרײַסנ פונ אונטער דער ערד. מיט ציינער אונ גראניט וועט ער אָנפאלנ אונ צערײַבנ אונדזערע מענטשנ. אונדזערע פארמעגנס, ווי שרויט אונטער מילשטיינער... מוטער—דער קאָמוניזמ איז אונדזער טויט!

ער איז אנטשוויגנ געוואָרנ. פאוואָליע אוועקגענומענ די הענט פונ די שפיציקע פלייצעס, פאוואָליע צוגעגאנגענ צו דער טיר אונ געבליבנ שטיינ.

אינ דער שמאָלער שטוב איז געשטאנענ די שרעק. די גרינע מאטע שטוב האָט זיכ געקאָרטשעט. אונ דער גרויער שמאָלער פרויענ־קאָפ איז געווענ טיפ ארײַנגעגראָבנ צווישנ די שפיציקע פלייצעס, ער האָט געציטערט. זיכ געשאָקלט לײַכט אונ שנעל אפ טויזנטמאָליקנ „ניינ"...

— ניינ!—האָט זי געזאָגט. עס איז געווענ א געשריי...

ניינ... עס קאָנ ניט זײַנ. דײַנ פאנטאזיע איז קראנק, דײַנ פאָליטישע געזעלשאפט מאכט דיכ קראנק.—זי האָט זיכ אויסגעדרייט, צוזאמענ מיטנ שטול אפ רעדלעכ, צומ זונ.—נאָר אינ פארשאָלטענעמ רוסלאנד קאָנ מעגלעכ זײַנ דער פארשאָלטענער באָלשעוויזמ, אָבער ניט אינ אייראָפע, ניט אינ אונדזער דײַטשלאנד...

דער גראפ איז צוגעגאנגען צו דער מוטער.

— עס קאָן זײַן, עס װעט זײַן און עס קאָן זײַן, אױך אין אונדזער דײַטשלאנד...

זײערע אױגן האָבן זיך אָנגעקוקט, קלײנע דערשראָקענע אױגן, ציטערנדיקע אױגן. און צװישן די אױגן איז געשטאנען דער שרעקלעכער באָלשעװיזם...

מע הערט ארױף פון דער גאס דאָס הודזשען פון אַן אױטאָ, צופאָרן צום הױז, זיך אָפּשטעלן. דער גראפ שרעקט זיך, ציט זיך, הױך, שמאָל, א קלײנע בלאָנדע װאָנצע, שטרענג ערנסט. גראפ ערנסט פאָן שרײַנ־גרױפּסװאלדע! ער זאָגט איצט צו דער מוטער:

— דערפאר ליגט הײַנט די אָפּהיטונג פון פאָטערלעכן פארמעגן אין די הענט פון א קלוגער פאָליטישער פירונג, און ניט אין די הענט פון א גוטער װירטשאפטלעכער פירונג. נאָר די נ. ס. ד. א. פּ. קאָן פארהיטן, װי לאנג עס איז נאָך ניט צו שפּעט, דאָס אָנקומען פון באָלשעװיזם אין דײַטשלאנד. נאָר די נ. ס. ד. א. פּ. קאָן צוציִען צו זיך די ארבעטער און זײ אָפּרײַסן פון קאָמוניזם.

ער בײגט זיך אראָפּ צו דער גרינער מאטקײַט פון דער אלטער פרױ, נעמט איר דארע גרינע האנט, דערהײנטערט זי פאװאָליע צום מױל, זאָגט:

— מוטער! מיך רופט די נאציאָן...

און לײַכט, פאװאָליע, גיט ער די דארע גרינע האנט א קוש.

הױך, שמאָל, שטאָלץ גײט ער ארײַן אין זײַן שטוב.

די רעכטע טיר פארמאכט זיך און די לינקע עפנט זיך. אײַנגעבױגן שטײט דער אלטער דינער לעבן דער אָפענער טיר און לאָזט ארײַן די געסט. דער גראפ װערט רירעװודיקער, בײגט זיך, באװעגט זיך, שטרעקט די האנט און שמײכלט, דער אײַנגעבױגענער דינער פארשװינדט הינטער דער פארמאכטער טיר.

דרײַ זײַנען זײ דאָ. דער מאיאָר, הער טױזען און מאנפרעד שירמער אלס שטענדיקער באַגלײטער, אלס אדיוטאנט. מאנפרעד און דער מאיאָר האָבן טעקעס אונטער די אָרעמס, דער הער טױזען האָט לײדיקע הענט, אביסל קורצע, אביסל קײַלעכיקע, װי דער גאנצער קערפּער און ער שמײכלט. דאָס גאנצע קײַלעכיקע, װי צופרידענע פּאָנעם שמײכלט צופרידן שטענדיק שמײכלט עס אזױ. און דער מאיאָר קוקט שױן אפן זײגער...

— צװאנציק מינוט האָבן מיר צײַט. דערנאָך קומען די אנדערע. מיר הײבן אָן.

מע זעצט זיך אפּ די װײכע שטולן ארום ברײטן שרײַבטיש. דער הער טױזען שמײכלט. דער מאיאָר רעדט שױן.

זײַנע שטארקע באק־בײנער הײבן זיך און פאלן, שנעל און גלײַכמעסיק, װי דעפילירשריט פון מיליטערישע פיס. די װערטער קלאפּן בא אים הארט און דרוקן װי שטיװל אפּ שטײנער. זײַן גלאטיק אָפּגעגאָלטע געמבע גלאנצט. זי איז ברײט די געמבע, הארט מיט אַן אױסגעצױגענער הױט. נאָר אין דער ברײט איז אין איר אײַנגעקארבט א ניט טיפער זעבל־שניט.

א האלבע מינוט שװײַגן.

און דער מאיאָר האָט אױפגעהױבן דעם פּאָנעם צום הער טױזען, מיט אָפענע זיגערישלײַכטנדיקע אױגן האָט ער בא אים געפרעגט—אָן װערטער...

הער טױזען האָט שמײכלענדיק געשאָקלט מיטן קײַלעכדיקן פּאָנעם אפּ יאָ...

דער מאיאָר האָט געקוקט אפן זײגער.

— אלזאָ?—האָט ער געפרעגט. און געקוקט צו דער טיר — — —



פינעבערג, דער באאמטער, האָט צוגעמאכט דאָס גרויסע בוך מיט אָנגעפּיקעוועטע רע־כענונגען און פינטעלעך, זיך צוריקגעלייגט אין זײַן הויכן בענקל און טיף, הויך אָפּגע־עטעמט. זײַן שאָכן, דער, וואָס איז געזעסן אין דער צווייטער ריי הינטער אים, האָט אַרײַנגערוקט די לאַנגע פעדער צווישן האָר און אויער, און אריבערגעבויגן זיך איבערן שמאָלן שרײַבטיש. ער האָט געפרעגט שטיל, מער מיט אָטעם ווי מיט ווערטער:

— מיד? פינעבערג...

פינעבערג האָט אויסגעדרייט צו אים דעם קאָפּ און געענטפערט נאָך שטילער ווי יע־נער האָט געפרעגט:

— אוואדע מיד... וואָס דען? קיינער זיצט דאָ ניט אזויפיל בא שרײַבטיש ווי איך.

אין דער גרויסער לאַנגער און ברייטער שטוב האָבן געקריצט א צען פעדערס, צוויי שרײַבמאשינקעס האָבן געקלאַפּט. איבער אַלע שרײַבטישן זײַנען געזעסן געבויגענע קעפּ. נאָר פינעבערג האָט געזאָגט צו זײַן שאָכן:

דו קענסט דאָך מײַן קלאַל: אונדזערע שטײַער־באאמטע זײַנען געטיילט אין צוויי היפשע קאטעגאָריעס. איין קאטעגאָריע איז פארײדלט, און אַלץ וואָס זיי טראכטן איז געשעפט, איז פארדינען—הינטן ארום...—ער האָט געקנייטשט מיט די אויגן.—און די צווייטע קאטע־גאָריע איז היפּשלעך ווידער אָנגעשטעקט מיט דעם פוילן מארקסיסטישן רייעך און אויך זיי מיינען געשעפט—זיי ווידער, זײַנען פעט אונטערגעשמירט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. צען מאָל אין טאָג דארפן זיי אַלע מאכן פארשיידענע וועגן — וויכטיקע! — און אין אמת זעט מען זיי ניט...

ער האָט אויסגעצויגן די ליפּן, אויסגעשטרעקט די געמבע און געדרייט מיטן לאַנגן קאָפּ ווײַט איבערן גרויסן זאַל, איבער די אײַנגעבויגענע פלייצעס. אין שטוב איז געווען דושנע. אונטערן באַלקן האָט זיך געכוואַליעט א פעט־געדיכטער רויך. די פענצטער זײַנען אַלע גע־שטאנען אָפן, נאָר פונדרויסן האָט נאָך מער אַרײַנגעכוואַליעט היץ וויפל ס'איז געווען אינע־ווייניק, און א טעמפּער גערויש האָט זיך גערדראפּעט, פונדעסטוועגן, אזש ביזן פינפטן שטאָק ארופ. און פינענבערג האָט זיך ווידער צוגעבויגן צו זײַן שאָכן:

— גריזשען פון דער מעלוכע הויט און פלייש און טוען גאָרנישט...

נאָך אווײַלע:

— און פלײַסיקע מענטשן, אזעלכע, וואָס ווילן ארבעטן, ווי לעמאָשל, מײַנע דרײַ ברי־דער, אַלע שטודירטע, גייען ארום ליידיק שוין יאָרן...

פינעבערג פײַפט מיט זײַן שווערן אָטעם.

— און דאָ—פארײדלטע און מארקסיסטישע קאטעגאָריעס גריזשען פון דער מעלוכע הויט און פלייש, און טוען גאָרנישט...

זײַן שאָכן האָט ארומגענומען די לאַנגע פעדער פון צווישן האָר און אויער, און גענומען קראַצן מיטן הענטל אין מיטן קאָפּ. דאָס אַלטע פּאָנעם האָט ער צעמאַזשעט און שטילינקע געפרעגט:

— צי דען אַלע אזוי? וואָס — — —

פינעבערג האָט זיך געגעבן א רוק, אויסגעדרייט צו אים דעם אויבערשטן קערפּער.

— ניט אַלע... די נ. ס. ד. א. פּ. מאכט צו ביסלעך אָרדענונג. נו—בא אונדז ווייניקער. אין אנדערע אָפּטיילונגען מער. אָבער באַלד — — —

ער האָט א קוק געגעבן אפן וואנט־זייגער, ניט פארענדיקט, זיך גענומען אײַלן.

זײַנ שאָכנ הינטער אים האָט שטיל געפרעגט:

— באשעפטיקט הײַנט?

אונ פינעבערג האָט געענטפערט ווירטיק.

— זיצונג...

ער האָט זיכ א שלײַכ געטאָנ צו דער טיר פונ שעף, ארײַנ אינ קאבינעט, אונ געבליבנ שטײַנ בא דער טיר, מיט די אויגנ צו א גאָלנ קאָפ, ביז דער קאָפ האָט זיכ פאָוואָליע אויסגעגלײַכט.

— הער פינעבערג?

— איכ האָב איצט א זיצונג. קאָנ איכ גיינ?

דער גאָלער קאָפ האָט זיכ אביסל געשאָקלט אונ פרײַנטלעכ אונטערגעשמייכלט.

— א וויכטיקע זיצונג? הער פיניבערג...

פינעבערג איז צו אים צוגעגאנגענ זיכ צוגעבויגנ, אײַנגערוימט אינ אויער...

דער גאָלער קאָפ האָט זיכ ווידער געשאָקלט אונ נאָכ פרײַנטלעכער אונטערגעשמייכלט דערנאָכ האָט ער געגעבנ פינעבערגנ די האנט אונ פינעבערג איז ארויס דורכ אנ אנדער טיר.



בילכערט, דער מילכהענדלער, איז פונ דער צײַט, ווענ ער האָט געכאפט א שלאָפ נאָכ מיטיק ביז איצט, נאָכ ניט אײַנגעשטאנענ קיינ רעגע, נאָכ ניט גערוט—נאָר אלצ זיכ אזוי ארומגעקײַקלט איבערנ געשעפט, פונ איינ אָרט צום אנדערנ. ער איז געווענ אָנגעטאָנ אינ א לאנגנ ווײַסנ פארטעכ, די עטלעכע שיטערע הערלעכ אפנ קאָפ זײַנענ געווענ צעטיילט אינ צוויי גלײַכע טיילנ—דאָס גאנצע מענטשל, א שמאָלינקס, ווי אנ אײַנגעדארט שפענדל, האָט ניט אופגעהערט ארומצושווימענ איבערנ געשעפט ווי א פאיאצל מיט קליינע כיטרינקע אויגעלעכ. מענטשנ, וואָס זײַנענ פארבײַגעגאנגענ דער ברייט צעעפנטער טיר אונ געוואָרפנ א בליק, האָבנ געזענ א ליידיק געשעפט, א ברייטע מעכוטענעסטע מיט א ווײַסער קופקע הינטערנ טיש אויבנ אָנ, אונ א דאר ווײַס מענטשל מיט א שמאטע פליִענ איבער די פאָליצקעס. בילכערט האָט געווישט, אונ געשטויבט, אונ געווישט—אז יעדעס פיצל אינ געשעפט האָט געהאט א גלאנצ. ארײַנגעקומענ א מאָל א קונע, האָט דאָס ווײַב באדינט. בילכערט האָט צוגעוואָרפנ א שמייכלדיק דאר פענעמל אונ ווײַטער געווישט. עס איז אוועק א צוויי שאָ, אונ בילכערט האָט נאָכ אלצ געווישט איבער די פאָליצקעס. דערנאָכ האָט ער זיכ אָפגעשטעלט באמ ווײַב, ארײַנגעשמייכלט אינ איר ברייטנ פאָנעם, זי איז געווענ פארביטערט אונ בייז, אונ ער האָט געשמייכלט אונ געזאָגט—דאָס וואָס ער זאָגט איר יעדנ טאָג:

— געפוצט אונ געלעקט, אונ גאָרנישט... עס וועט באלד ניט זײַנ וואָס צו פוצנ אונ צו לעקנ—סײַדנ זיכ אליינ...

אונ ווידער געשמייכלט, ווי א פאיאצל, אונטערגעשטעלט דאָס דארע פענעמל, ווי א פײַג, אונטערנ ווײַבס ברייטנ גוידער אונ געכיקעט אפנ קאָל — — — —

דאָס ווײַב האָט דערשראָקנ אוועקגעשארט זיכ פונ אים אונ נאָכ מער אָנגעבלאָזנ דאָס פאָנעם.

— סײַדנ דו ביסט שוינ אינגאנצנ מעשוגע געוואָרנ?

— ניינ. איכ גיי צו א גרויסער זיצונג...

אונ שמייכלענדיק מיט אײַנגעפאלענע באקנ, ווי מיט אנ אויסגעבויגנ לאמטערנדל, האָט

ער אַרײַנגעטאַנצט אין דער שטוב—און באַלד ווידער אַרויסגעטאַנצט שוין אַן איבערגע־טאָגענער, אָנשטאָט דעם לאַנגן פּאַרטעך, אַ קורץ רעקעלע מיט אויסגעוואַקסענע אַרבל. אָנשטאָט דער גלאַטיקער פּריזורקע פון שיטערע הערעלעך, אַ צעקניטשט געל קאַפּעלוש. ער האָט זיך טיף פאַרנייגט פאַרן ווײַב, אין דער רעכטער האַנט האָט זיך געדרייט אַן אויסגעריבן שטעקעלע מיט אַ גרויסער ווײַסער גאַלקע, און אַרויס פון געשעפט, ווי אַ שטאָלצער פּראַנט, אַן אויסגעטריקנטער.

— גוטן טאָג, הער פרײַז בערגער! נו, ווי גייט דאָס געשעפט? מיעס. וואָס? נאָך גוט וואָס מײַן ווײַב קאָן אויסהאַלטן אַלע צאָרעס... ער האָט זיך צוגעבויגן נעענטער צום הער פרײַזבערגער.—אַ ברייטער, באַ איר. זי קאָן אויסטראָגן...

און אונטערגעהויבן די אײַנגעקוואַרטע באַקן, ווי אַן אויסגעבויגן לאַמטערנדל.

דער הער פרײַזלבערגער שטייט אין דער אָפענער טיר פון זײַן זייגערמאַכער־געשעפט, אין דער ברייט שטייט ער, גלײַך ער זאָל ניט וועלן קיינעם אַרײַנלאָזן אינעווייניק. ער איז אַ הויכער, אַן עלטערער, איין אויג שטייט אָפן, דאָס צווייטע איז פאַרשטעלט מיט אַ שפּאַקטיוו. קוקט איצט אַראָפּ דער שפּאַקטיוו צו דעם נידעריק־דאַרן בילכערט, ווי אַ מיקראָסקאָפּ איבער אַ קופּע טשודנע זאַכן...

אַזוי שטייען זיי שווײַגנדיק ביידע, איינער קוקט אַרויף, דער צווייטער—אַראָפּ, אַ היפּשע ווײַלע, דערנאָך פרעגט דער הער פרײַזל בערגער:

— און וואָס מאַכן די פּריוואַטע געשעפטן?

— פּריוואַטע? ניין. נאַציאָנאַלע געשעפטן...

בילכערט גיט זיך אַ דריי און הייבט אונטער דאָס אויסגעריבענע שטעקעלע מיט דער ווײַסער גאַלקע, קוקט מיט צונויפגעקנייטשטע אויגן צו דער גאַלקע:

— די נאַציאָנאַלע געשעפטן וועלן מאַכן פול דאָרט,—ווײַזט מיט די אויגן צו זײַן געשעפט,—און דאָ,—ווײַזט צו פרײַזלבערגערס געשעפט.—לאַנג וועט עס ניט געדויערן, עס וועט באַלד קומען. דערנאָך? פיו! — — —

דאָס שטעקעלע מיט דער ווײַסער גאַלקע דרייט זיך, און דער הער פרײַזלבערגער קוקט נאָך ווי בילכערט טענצלט אונטער.

*

דער מאַיאָר קוקט אפן זייגער, פרעגט:

— אַלזאָ? ווער פעלט נאָך?

די טיר עפנט זיך, און דער אײַנגעבויגענער אַלטער דינער לאָזט אַרײַן שטענגלען.

— עס פעלט ניט מער קיינער.—זאָגט מאַנפרער ווי אופגעפרישט.

שטענגל גיט אַ קלאַפּ מיט די שטיוול, שטרעקט זיך, זײַן ברוסט שטייט אַוועק ווי אַ ברייטער קאַסטן.

די פּנעמער אַרום שרײַבטיש קוקן צו אים—און ער צו זיי, דערנאָך אַרום די ווענט די בילדער, וואָס פון ביידע זײַטן ביכערשאַפע, וועט ער אַראָפּנעמען. דעם גראַף וועט ער זאָגן, גיי אין מײַן דירע. און ער, מיט זײַן עלי, מיט די קינדער, וועלן זיך דאָ אויס־שפּרייטן באַקוועם. נאָך דער רעוואָליוציע — — —

שטענגל גייט צום טיש, ברייט, די שטיוול קלאַפּן. אַ ליידיקער שטול שטייט צווישן בילכערטן און פינעבערגן. ער זעצט זיך. דער הער סיוזען דערלאַנגט פון איינעם צום אַנדערן אַ ברייטע זילבערנע ציגאַרן-פּושקע. און דער מאַיאָר רעדט עפּעס

מיט מאנפרעדן. דער גראפ הערט צו. א קליינ ציגעלע פּײַער גייט ארום פונ ציגאר צו ציגאר.

בילכערט בויגט זיכ אריבער צו שטענגלען, זאָגט שטיל, האלב אינ אויער ארײַנ:

— רעכטס, דאָרט אינ עק, איז דער הער טיוזענ, דער, פונ דער אינדוסטרי, אונ דער וואָס רעדט מיט מאנפרעדנ, איז דער מאיאָר...

שטענגל זיצט שטײַפ, ווי א שטיק האָלצ. לינקס פונ אים, דער לעצטער אינ האלבקרײַז, זיצט בילכערט טיפ פארזונקענ אינ וויכנ שטול, קוים זעט מענ ארויס פונ הויכנ אָנלעג דאָס זארע קעפּל מיט די עטלעכע שיטערע הערעלעכ. דאָ, בא אזא וויכטיקער זיצונג, וואָס וויל אזוינס ווי ער, וואָס זוכט אזוינס? צום צחייטנ מאָל איז שטענגל באם גראפ. איינמאָל ווענ ער האָט אים פארבעטנ צו זיכ אפ א טרונק, דעמלט, ווענ ער האָט פונ אים באקומענ דעמ טעפּיכ. אונ איצט. ווענג וואָס גייט דאָ? עס וועט זײַנ א וויכטיקע זיצונג פונ דער פארטיי. עס גייט ווענג לעבנ אונ טויט... וואָס וויל ער? ער איז דאָכ קוים א ווירטשאפטלעכער... דאָרט אינ שטורמ. ווער האָט אים גערופנ? שטענגל האָט אריבערגעוואָרפנ דאָס לינקע אויג צו זײַנ אײַנגעדארטנ שאָכנ—ווי א קרומ לאמטערנדל האָט דאָרט געלויכטנ טיפ אינ שטול דאָס פּענעמל, נאָר מיט אנ אײַנגעדרייטנ קנויט. צו דער נאציאָנאלער רעוואָליוציע מוז מענ האָבנ פויסטנ, ברוסטנ. ניט — — — שטענגל האָט ניט געזענ די שארפע בליקנ, וואָס דער מאיאָר האָט צו אים קעסיידער געוואָרפנ.

הער טיוזענס פּאָנעמ האָט קײַלעכיק געגלאנצט אונ געשמייכלט. ער האָט געזאָגט צומ גראפ א וואָרט־צוויי, שטיל. דער גראפ האָט זיכ צוגעבויגנ צומ מאיאָר. דער מאיאָר האָט איבערגעגעבנ מאנפרעדנ די פּאפּירנ, צוגעמאכט זײַנ אייגענע טעקע, העכער אופגעהויבנ דעמ קאָפּ.

— מײַנע הערנ, מיר האָבנ ווייניק צײַט. אינ צענ מינוט מוזנ מיר אוועק.—ער האָט געוויזנ מיט דער האנט אפ זיכ, דעמ הער טיוזענ, מאנפרעדנ.—איר קאָנט ־דאָ נאָכ בלײַבנ, דער גראפ וועט זײַנ גאסטפרײַנטשאפט שוינ וויסנ וויאזוי אויסצונוצנ. אונ געשוויגנ א מינוט.

דערנאָכ האָט ער נאָכ העכער אופגעהויבנ דעמ קאָפּ. די שווערע ברעמענ האָבנ זיכ אראָפּגעלאָזט. די גרויסע שטוב איז געוואָרנ ענג אונ פײַערלעכ.

די שטארקע באקנביינער באם מאיאָר האָבנ זיכ געהויבנ אונ געפאלנ, שנעל אונ גלײַכמעסיק ווי דעפּילירשריט פונ מיליטערישע פיס. ער האָט גערעדט. אינ איינ ליניע געהאלטנ די אויגנ, צו שטענגלען, ניט גערירט קיינ מילימעטער. די הויט איבערנ גאנצנ פּאָנעמ געשפּאנט ווי בלעכ. קוים וואָס דער זעבל־שניט אינ דער ברייט פונ דער געמבע צייכנט א דינינקע פאלד. אונ די ווערטער קלאפּנ הארט אונ טרוקנ, ווי שטיוול אפ שטיינער.

— ניטאָ קיינ קאָמונע פאר אונדז. ניטאָ קיינ מארקסיסטישע פעסטונגנ! די קאָמונע איז שוואכ, ברעקלט זיכ פונ אלע זײַטנ. מיר וועלנ אריבערשפּרינגענ אלע זייערע קאלוזשעס, אונ מיט אונדזערע שטיוול וועלנ מיר אלצדינג צעטרעטנ! די פּראָלעטנ אנטלויפנ פונ דער קאָמונע! דער טונקלער קאָמונע־קעלער פונ דער צוקונפט פארטרײַבט זיי פונ דאָרט, טרײַבט זיי צו אונדז, צו דער זיגערישער נאציאָנאל־סאָציאליסטישער ארבעטער־פארטיי! ווי לאנג וועט עס נאָכ דויערנ ביז מיר וועלנ זײַנ בא דער מאכט? ניט לאנג, גאָר ניט לאנג. היטלער, אונדזער פירער, פירט דעמ אײַזערנעמ וועג! אײַזערנע דיסציפּלינ אונ הייליקער צוטרוי הערשט אינ אונדזערע נאציאָנאל־סאָציאליסטישע רייענ. מיר ווייסנ אלע, אז אונדזער פירער — — —

שטענגל איז געווענ צופרידנ. ער איז אלצ נאָכ געזעסנ שטײַפ ווי א שטיק האָלצ. זײַנ

לינקנ שאָכנ, דאָס צעקנייטשטע מענטשל, האָט ער אינגאַנצנ פאַרגעסנ. אונ דער מאַיאָר רעדט צו קיינעמ ניט, נאָר צו אימ. ער האָט געשלונגענ דעמ מאַיאָרס שטרענגנ בליק מיט די אויגנ. צוויי פּאָר שאַרפע אויגנ. שטענגל איז געווענ צופרידנ.

— אונדזער פירער איז דער איינציקער, נאָכ הונדערטער יאָרנ, גרויסער ליכט־שטראַל אינ אונדזער געפענטעטנ, פאַראָרעמטנ דײַטשלאַנד! נאָר ער וועט אונדז אַלע באַפרײַענ, געבנ צו פרעסנ, פאַרשענערנ אונדזער לעבנ, די פּראָלעטנ וויסנ דאָס. אונ דערפאַר קלעפּנ זיי אָנ אימ, הענגענ זיי אַזוי שטאַרק אָנ זײַנ חאָרט אונ וואַרטנ אַפ דער אַנטשיידנדיקער מינוט. זיי וויסנ נאָכ ניט וויאַזוי צו אונדז אַריבערצוקומענ אינ מאַסנ, זיי האָבנ נאָכ ניט געפונענ דעמ דירעקטנ וועג. דאָס איז אונדזער פליכט! מיר מוזנ זיי ווײַזנ דעמ בעסערנ וועג צו אונדז. יעדער פּראָלעט, וואָס איז שוינ בא אונדז, מוז זיכ טאָפּלט, אונ זיכ צענ־פאַכ אָנשטרענגענ. אַזא ווי איר, שטענגל, מוז צו אונדז ברענגענ הונדערטער, טויזנטער פּראָלעטנ! וואַרפנ זיכ אינ זייערע ווינקלענ, אַרויסשלעפּנ זיי פונ דעמ מאַרקסיסטישנ מיסט, פונ דער פאַרײַדלטער בלאָטע...

שטענגל האָט זיכ גערירט. זײַנ שטײַפקײַט האָט נאָכגעלאָזט, זיכ געבויגנ, ווייכער געוואָרנ. דער מאַיאָר רעדט טאַקע צו אימ, מיינט נאָר אימ, אָבער ער מיינט נאָכ עפּעס דערבײַ... וואָס? פינעבערג אָטעמט שווער, זײַנע פאַרגעלטע באַקנ זענענ אויס ווי פאַרלע־געגנע, לימענע, אָבער ער זיצט שטאָלצ. ער איז א באַאַמטער, ניט קיינ פּראָלעט, אימ מיינט מענ ניט. ווײַטער רעכטס, נאָכ פינעבערגנ, זיצט מאַנפרעד. א ייִנגעלע, א סטודענטעלע, מיט ראָז־געראָטלטע באַקנ—אַנ עפּעלע צומ בראָטנ, אָבער ניט אָפּ צו קעמפנ... אונ דער מאַיאָר האַקט. די ווערטער שפּרינגענ ווי שטיינער. נאָר ער דרייט זיכ אַרומ די ווערטער, עפּעס קלײַבט ער דאָרט צווישנ זיי... אונ דער—ווי האָט ער געזאָגט?—טיוזנ, פונ דער אינדוסטרי—שמײַכלט. קײַלעכיק די באַקנ, אויסגעפּרעסנ, צוגעגלעט, ווי א פריש־געבאַקע־נער קוכנ. בא זיי איז מענ שטענדיק פריש־געבאַקנ. אונ דער גראַף—וואָס זאָגט איצט דער מאַיאָר?

— עס מוזנ פאַלנ קעפּ! די, וואָס שטערנ אונדז, די וואָס שטייענ אינ וועג פונ דער נאַציאָנאַלער רעוואָליוציע, מוזנ פאַרשווינדנ! עס טאָר ניט געשאַכערט ווערנ. דאָס ווייכע פלייש מוזנ מיר פונ אונדזערע הערצער אַרויסשנײַדנ. יעדער, וואָס איז אונדז געפערלעכ, געפערלעכ דער נאַציאָנאַלער רעוואָליוציע, וואָס פאַרפירט פּראָלעטאַרישע מענטשנ, פאַר־שלעפּט זיי אינ מאַרקסיסטישנ מיסט, צו דער קאָמונע, צומ קאַמפּבונד 73, וועלנ מיר פאַרשאַרנ...

ער האָט א פּאַכ געטאָנ מיט דער לינקער האַנט איבערנ גאַנצנ האַלבנ קרײַז, איבער דער גאַנצער ברייט פונעמ שרײַבטיש—פאַרשאַרנ!.. דאָס איז געווענ דער ערשטער קאָכנ־דיקער זשעסט. ביז איצט האָט זיכ דער מאַיאָר געהאַלטנ שטײַפ, שטרענג, אָנ זשעסטנ. די ברייטע האַרטע געמבע האָט געהאַקט אונ געגלאַנצט, מער ניט. ניט דער קערפּער, ניט דער קאָפּ האָט זיכ קיינ ריר געטאָנ. אפילע ניט די אויערנ האָבנ זיכ באַוועגט. אפילע ניט די שווערע אַראָפּגעלאָזטע ברעמענ. איצט האָט ער א פּאַכ געטאָנ מיט דער האַנט—אונ ווידער פאַרשטײַפט געוואָרנ.

— די קאָמונע זוכט פאַרשיידענע וועגנ. די צעבראָקלטע, אָפּגעשוואַכטע קאָמונע, וואָס קיינ איינציקע פּראָלעט האָט צו איר ניט מער קיינ צוטרוי, אַנטלויפנ פונ איר, זוכט איצט נײַע פאָרמעס: אינ קאַמפּ קעגנ דער העלדישער נ. ס. ד. א. פּ. אינ אונדזער קרײַז פּרוווט די קאָמונע אַרויסשטעלנ אינ פײַער דעמ קאַמפּבונד 73. עס וועט איר אָבער ניט געלונגענ, באָרנישט וועט איר געלונגענ—ווי לאַנג דער שטורמ 33 לעבט!

דאָ האָט בילכערס איבערגעריסן, א געשריי געגעבן: „בראוואָ"!—ווי קליינ ער איז געווען, האָט ער זיך א וואָרפ געגעבן, אזש אופגעשפרונגען פונעם טיפן שטול, גלייך די פרוזשינעס וואָלטן אים דערלאנגט א פײַנעם שנעל פונהינטן. נאָר באלד איז ער צוריקגעפאלן אינ דער טיפעניש, אונ דאָס דארע פּענעמל האָט אויסגעזען נאריש פארשעמט. ווײַל דער גראפ האָט אופגעהויבן א האנט, אונ דער מאיאָר. דאָ הייסט עס: שטיל זײַן...

נאָכ דעם „אינצידענט" האָט שוינ דער מאיאָר אביסל שטילער צו ווײַסן געטאָן:

— דער פירער פונ אונדזער שטורם, פּ. ג. מײַקאָווסקי, איז קאָמאנדירט געוואָרן פונ דער פארטיי אינ דער פּראָווינצ, ער זאָל דאָרט אָרגאניזירן נײַע שטורמען. ביז ער וועט קאָנען זײַן צוריק, וועלן מיר באשטימען א פארטרעטער. אונ ביז דעמלט מוז דער שטורם באוויַזן — — —

נאָר שטענגל איז שוינ אָפּגעריסן געוואָרן פונ מאיאָרס רעדע. אָט אזא מענטשל ווי בילכערט באגײַסטערט זיך—אונ פאר דער נאציאָנאלער רעוואָליוציע האָט עס א ווערט א בלאָז. ווײַל די נאציאָנאלע רעוואָליוציע, דער מאיאָר רעדט איצט גראָד וועגן איר, נאָר שטענגל הערט ניט. ריידן האָט ער שוינ גענוג געהערט, אונ דאָ אינ שטוב איז זי דאָ... איבער די ווענט, אפ דער ערד, אפילע אינ דער לופט הענגט זי דאָ, די גאנצע נאציאָנאלע רעוואָליוציע... נאָר די בילדער אוועק, די בילדער פונביידע זײַטן ביכער־שאפע, דעם אלטן שטייקראגן אונ דאָס שמאָלע דאמען־פּענעמל, דאָס דארפ ער ניט. די טעפּיכער, די פאָרהאנגען, גוט. דאָס איבעריקע איז גוט. נאָר די נארישע בילדער אוועק,.. וואָס קוואַקעט ער דאָ, דער מאיאָר? ווען שוינ ווידער—ווען שוינ ווידער אָפּדרייען דעם קאָפּ? ער האָט שוינ גענוג פאר דער נאציאָנאלער רעוואָל... עלינ וועט ער זאָגן, זײַנ שטיק ווײַב, זאָגן: קום! לאָז דאָרט אלצ, וואָס ליגט אונ פוילט... דאָ וועט שוינ דער גראפ—וואָס? עס האָט זיך א ריס געטאָן אונטערן הארצ אנ אָדער. די נאָז האָט זיך צעשפּרייט, די אויגן האָבן געשלונגען דעם מאיאָרס שטרענגן בליק. ווען מיינט ער? שטענגלס הארצ האָט געזעצט... דער מאיאָר זאָגט, דרייט זיך, אונ זאָגט — — —

דער מאיאָר זאָגט:

— זייער פירער, זייער נײַער פירער, היינריכ גלינקע, זײַנע טעג מוזן זײַנ געציילט! אונ שטענגל פארלירט זיך ניט. היינריכ, ער האָט אים גראָד ערשט דאָ פאר עטלעכע טעג, דאָרט באם רײַכסבאנער האָט ער אים ערשט געטראָפן, היינריכן, זײַנ פאכ־קאָלעגע, זײַנ אמאָליקן פרײַנט—נאָר די אנדערע ווייסן דאָס דאָכ ניט? פארוואָס קוקט מען אפ אים?

דער מאיאָר האָט גערעדט. די באקנביינער, די געמבע, די אויגן האָבן גערעדט. געהאקט, ווי שטיהל אפ שטיינער. אונ אויסגעשטרעקט א האנט, די רעכטע האנט—צו שטענגלען:

— שטענגל נעמט אפ זיך דעם היינריכ גלינקע!

אונ שטיל געוואָרן.

שטענגל האָט מער ניט געזען די אָנגעשטרענגטע פּענעמער פונ די אנדערע, דאָס האָפערדיק־געריוטלטע פּאָנעם פונעם סטודענט, דעם שמייכלדיקן גלאנצ באם הער טיוזען, שטענגלס קאָפּ איז אראָפּגעהאנגען. ער האָט ניט געזען, אז דער הער טיוזען האָט ווידער אָנגעבאָטן ציגארן, עפּשער ניט געוווּסט גאָר, אז ער אליינ האָט אויכ איינעם גענומען... נאָר מיט ראש איז פּלוצים דער מאיאָר אופגעשטאנען.

ער האָט געזאָגט:

— שלום, מײַנע הערן. מיר מוזן גיין!

און אלע זײַנען אופגעשטאנען. די שטולן האָבן זיך גערוקט ווײַל אפן גראָבן טעפּיך. דער לעצטער איז אופגעשטאנען שטענגל. אויסגעגלײַכט זיך, אופגעהויבן דעם קאָפּ—ער וועט זיך ניט פארלירן...

דער מאיאָר איז צו אים צוגעגאנגען נאָענט. גאנץ נאָענט. שארף געקוקט אים אין פּאָנעם אריין. איינמאָל—און שארף דערנאָך אויסגעשטרעקט די האנט:

— אלזאָ, שטענגל! גענומען די בעסטע אפן אויג! איך געציילט טעג... אלזאָ, גוט און א דריק געגעבן די האנט.

שטענגל גיט א קלאפּ מיט די שטיװל, שטרעקט זיך. זײַן ברוסט שטייט אוועק ווי א ברייטער קאסטן.

דער מאיאָר, הער טיוזען, מאנפרעד שטייען בא דער טיר.

— ניט פארגעסן,—זאָגט דער מאיאָר, הייבט אופ די לינקע האנט מיט א הענטשקע.— ניט פארגעסן, אז מאָרגן האָט די קאָמונע א טרויער־דעמאָנסטראציע. שטורם 33 וועט האלטן אן אָפן אויג! האָט איר פארשטאנען?

אלע פיר—שטענגל, פינעבערג, בילכערט און דער גראף—האָבן איצט געקלאפּט מיט די שטיװל און ארויסגעשטעלט די ברוסטן.

די לינקע האנט מיט דער הענטשקע שטייט נאָך אינדערהויך. ווי א שארפע בייזע וואָר־רענונג, און דער מאיאָר פרעגט:

— אלזאָ ווער נעמט פּרײַוויליק מאָרגן די קאָמאנדע?

זײַן הארטער בליק איז געלעגן אפ שטענגלען. א האלבע מינוט האָבן אלע געשוויגן און שטענגל גיט א קלאפּ מיט די שטיװל:

— איך! הער מאיאָר...

דערנאָך האָבן אלע געהויבן די רעכטע הענט צום „היטלער־גרוס" און דער גראף האָט ארויסבאגלייט די דרײַ געסט.

פינעבערג רײַבט זיך די הענט:

— פארשטייט זיך, מיר בלײַבן נאָך דאָ אביסל. איצט וועט זיך ערשט אָנהייבן... נו, און פארוואָס שטייען מיר? פאר דעם זעלבן געלט קאָנען מיר זיך אויך זעצן. יאוואָל!

און ער זעצט זיך אריין אין א ברייטן ווייכן שטול, פאלט אריין אין דער טיפ, קרעכצט פאר גרויס צופרידנקייט. זײַן אָטעם גייט איצט ניט שווער, נאָר זײַנע געלע באקן בלאָזן זיך פונדעסטוועגן און זעען אויס ווי פארלעגענע לימענע.

בילכערט שטייט לעבן שטענגלען. ער קוקט אפ אים מיט אן אײַנגעבויגן קעפּל, ווי ער וואָלט פאר אים מוירע געהאט. און אז שטענגל לאָזט נאָך טיפער אראפּ די ברעמען איבער די אויגן, גיט בילכערט א קליינעם הינק מיט א פוס:

— דער מאיאָר, וואָס? שוין לאנג ניט געווען אין קריג... און דער הער טיוזען, דער פון דער אינדוסטרי, וואָס? נאָר ער שמייכלט — — —

— ווער?—פרעגט שטענגל שארף, פּלוצימדיק, מיט ארויסגעשטעלטע אויגן—און ביל־כערט גיט א צאפּל, רוקט זיך הינטערווײַלעכס ווי אן אײַנגעשרומפּן מענטשל...

דעמלט קומט צוריק אריין דער גראף, לאָזט שטיין דעם אײַנגעבויגענעם דינער אין דער אָפענער טיר.

— אלזאָ, וואָס וועלן מיר באשטעלן...

ש. האלקין

# א בריוו פון א פאסטעך

געשריבן—זאָל זײַן געשריבן
אן ענטפער אפ הארציקע פערזן,
איך וויל נאָר, דער גראם זאָל ניט שווער זײַן,
זיך בעטן אליין פון די ליפן.

עס שרײַבט מיר דער עלטערער ברודער,
דער פאסטעך, וואָס שפילט זיך מיט פײַער,
ווי ס׳גייט די גערעטעניש הײַאָר
איך לייען, דאָס הארץ ווערט צערודערט.

ער שרײַבט: כ׳האָב באקומען דעם בויגן,
וווּ איך בין באשריבן אין גראמען;
דערבײַ איז געזעסן די מאמע,
געלאכט און געווישט זיך די אויגן.

דו האָסט דאָרט באשרײַבן פארגעסן,
אז איך האָב געלערנט דיך דיכטן
ניט איינמאָל איך פלעג דיר פארריכטן
און צושרײַבן אייגענע פערזן.

אָט איצט שרײַבסטו בעסער און פײַנער
און יעטווידעס וואָרט איז געשליפן,
נאָר שעם זיך ניט, זאָג מיר קאָרשט וויפל
זיצסטו אפ שורעס אפ דײַנע.

דו שרײַבסט און דו מעקסט און דו ווירעסט,
איך האָב זיך אזוינס ניט פארגונען;
אמאָל אינדערהיים כ׳האָב געפונען
דײַנס א פארשריבן פאפירל,

געפרווט האָב איך געבן אים לייענען
דײַנער א לײַבלעכער שוועסטער;
זי פילט, אז דאָס וואָרט איז געפעסטעט,
פארשטאנען זי האָט אָבער ווייניק.

און אויב איך האָב יאָ וואָס באנומען —
ווײַל כ׳חיים ווו עס דריקן די שיך דיר;
איך ווייס דאָך די גאנצע געשיכטע
ביז דו ביסט אין דיכטונג געקומען.

ווער קאָן נאָך אזוי דײַן ווילדקײַט
דײַן שטענדיקן גיין פארלאָרן
אין קוזניע באם רויכיקן האָרן,
איןווירבל פון פונקען פארהילטער.

דו האָסט דײַנע מוסקלען אנטוויקלט
באם האמער, בא שווערע געוויכטן,
דאָס אײַזן ארײַן אין דײַן דיכטונג,
דער פונק האָט געקראָגן א טיקן.

מיר האָבן געשונדן א פאס דיר
פון קוזניע געשלעפט דיך מיט קייטן;
ניט איינמאָל געשטראָפט מיט רייד דיך:
וועסט בלײַבן א שמיד, צי א פאסטעך...

ווער האָט נאָך אזויפיל געליטן,
ווי איך פון דײַן קינדערשן ברויזן —
א לאנגער אין קורצינקע הויזן,
מיט דראָענד פארהויבענעם היטל.

אנטלאָפן אין פעלדער ביז אָוונט
און אָפט — ביז אפמאָרגן באגינען;
ווער האָט זיך געקאָנט עס פארגינען,
נאָר כ׳בין דיר אנטקעגן געלאָפן.

עס האָט מיך געצויגן דײַן וואך זײַן,
דײַן בליק, וואָס אינערגעץ געווענדט איז;
דער ערשטער צעריסן די פענסעס,
פארוואָרפן אזויווי אן אכזער.

און איך האָב געבענטשט דײַן אוועקגיין,
מיט זון אפן גראָז עס פארשריבן;

מײַנ בענקשאפט, מײַנ צוכונד, מײַנ פיבער —
זאָלסט זוכנ אינ זונ נאָכ א רעגנ...

איצט לײענ איכ אָפט דײַנע לידער.
דו—דער דיכטער, אונ איכ—דער פאסטעכ,
איז זאָג קאָרשט פארײַנס, צי פאסט דיר
מע זאָל אונדז דערקענענ פאר ברידער.

צי װײסטו בא זיכ דאָרט, אינ מאָסקװע,
מײַנ טײַערער, הארציקער, זינגער,
אז איכ האָב פארקירצט זיכ א פינגער
באם שארפנ, באם קארבנ די קאָסע.

נאָר מײנ ניט, איכ האָב עס אינ זינענ,
אז שטענדיק איכ האלט עס אינ אױג נאָר,
איכ האָב נאָר געװאָלט, אז אינ בױגנ
איכ זאָל װעגנ דעם אױכ געפינענ...

װײַל איצטער געװאָרנ איז גרינגער,
די קאָסע גײט פלינקער אונ לײַכטער,
די ראָנדנ זײ לײגנ זיכ גלײַכער
אונ פאָ ערנ מער ניט קײנ פינגער...

עס גײענ אָנ אופהער איצט רעגנס
אונ קאלט איז אױכ ניט נאָכ דער צײַט שױנ.
נאָר װײסט, װי געפעלנ די בײַטש מיר,
װאָס דו האָסט באשריבנ—ניט פרעג גאָר...

עס גריסנ דערפאר דיר די קעלבער,
די קינדער, באפרײַטע פונ לאסטנ;
פונ מיר דײַנ ברודער דער פאסטעכ,
דער נאָמענ געבליבנ דערזעלבער...

. . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . .

פארענ־יקט דעם בריװ אונ—נענטער,
דערזענ אים קימאט פאר די אױגנ:
אינ גראָז זיכ אױסגעצױגנ
אונ שמײכלט אינ באָרד פונ מײַנ ענטפער.

מ. קולבאק

# ווינטער

(פונ צווייטנ בוכ „זעלמעניאנער“)

דער ווינטערדיקער אָוונט ליגט קלאָר אונ שטײַפ, ווי אנ ארומגעדאָלבעטע שטיק צוקער אונטערנ בלויענ הימל. עמעצער האָט דאָ מיט שארפע דלאָטעס אויסגעטעסעט פונ צוקער די באנאכטיקע שטאָט. אדורכנ פענצטער גליווערט מיט אלע זײַנע פארשנייטע העלצער אונ פלעקענער דער רויִקער רעבזעהויפ.

די לעוואָנע איבערנ הויפ הענגט, ווי א קאלטער רובל.

ביז שפעט אינדערנאכט זיצט טאָנקע בא דעמ גרינעמ אבאזשור, איבער פאפיר-בויגנס, מעסט, רעכנט אונ שרײַבט דאָרטנ ארײַנ שטײַפע ציפערלעכ. אינ בעט ליגט דאָס קינד אָנ א טאטנ. דאָס קינד פלאפלט עפעס פונ טיפנ האלדז, וואָס איז גרײַלעכ ענלעכ צו דעמ טיקענ פונעמ פעטער זישעס אלטנ וואָג-זייגער אפנ וואנט; ביסלעכווײַז ווערט עס שטילער, זינקט אײַנ צוריק אינ יענעמ קלעפיקנ דרעמל, פונ וועלכנ מענטשנ ווערנ געבוירנ.

טאָנקעס שאָטנ קריכט ארומ ביז אפנ באלקנ—דאָס בויגט זי זיכ אײַנ איבערנ טעלערל אפנ טיש אונ טוט א ביס פונעמ ברויט מיט די האָלענדער קעז.

דעמ פעטער זישעס אלטער וואָג-זייגער שלאָגט צענ.

פאָרזיכטיק עפנט ער די גלעזערנע טיר פונ דער שטוב אינ טאָנקעס צימער אונ די מומע גיטע פירט ארײַנ עטלעכע ווײַבער. באלד פונעמ שוועל שלאָגט אָפּ מיט פרומקײַט אונ ווײַבערשע סוידעס.

טאָנקעס שאָטנ סריכט ארומ ביז אפנ באלקנ—דאָס בויגט זי זיכ איבער אונ טוט א זופ פונ דער אָפגעקילטער גלאָז טיי.

— גוט נאָוונט!—דאָס זאָגנ די ווײַבער.

קענטיק, אז זיי זײַנענ געקומענ מיט א באשטימטער דייע. פאָרויס גייט א ייִדענע מיט א לאנגנ פאָנעמ, מיט א הויכער קוקלע אונ מיט א שווארצער שאל אפנ קאָפּ:

— ס'איז שווער,—זאָגט די ייִדענע מיט דער הויכער קוקלע,—צו געפינענ פאר אנ אײַנפאכער פרוי די פאסיקע ווערטנ אונ צו ריידנ מיט א הויכער-געבילדעטער פרוילנ, ווי זיי זײַנענ. זיי דארפנ וויסנ, דאָס מיר האָבנ אויכ געלערנט אינ אונדזערע יונגע יאָרנ, אָבוואָל מיר זײַנענ אלט געוואָרנ פאר דער צײַט פונ אײנ שווערנ קינד-בעט...

טאָנקע פרעגט:

— צו וואָס, איר קענט דאָכ ריידנ פראָסט ייִדיש?..

אָט דאָס זאָגט זי, לאָזט זיך אָבער אױס, אז דאָס װײַבל קאָן ניט פראָסט. דאָס איז א שרײַבערקע פון אפּאָרן—עססער. זי האָט געלערנט א דאָר װײַבער שרײַבן שורע־גרים און פירן א שײנעם שטאט, איז ריידן איידל—איר בלוט און פאונאָסע. זי איז איצט ארבעטלאָז. איצט רעדט זי איידל נאָר פון ליבע צו דער שײנער אומגעקומענער זאך:

— מיט אנ אנדער שפראכע,—זאָגט זי.—קען איך ניט, זאָגאר מיט עלטערע װײַבער.

איז טאקע א היפּשע װײַלע שלעכט. דאכט זיך, ארױסגעשטעלט װיסנשאפט קענג װיסנ־שאפט, נאָר צו אלעמעס פארװוּנדערונג האָט זיך גאָרנישט באקומען. טאָנקע איז א גראָבע זאך. װיבאלד אזוי, װיבאלד, הײסט עס, מע איז א פלינטעפליושקע, דארף מען מיט אזא ריידן אנדערש.

— מיר װילן װיסן,—זאָגט די שאמעסטע פון דער אלטער קלױז,—װער איז דער טאטע פון אָט דעם קינד?

— אזוי גאָר?

דאָס מײדל האָט זיך, אפּאָנעם, גוט צעקאָכט. די װײַבער קוקן זיך איבער מיט אסאך פרומקײַט און אויך מיט אביסל שרעק

— און דו מײנסט װאָס?—זאָגט די אלטע קלוגע נעכע,—מע דארף בארױקן די אלטע מאמען...

טאָנקע קוקט אָפּ איר און שװײַגט.

—זע, װאָס ביסטו בא זיך אזוי געפאלן?—פרעגט שוין די מומע נעכע מיט מיטלײַד.

דעמלט ענטפערט זי:

-- דער טאטע פון אָט דעם קינד איז א גוטער באָלשעװיק. ער האָט צעשאָסן אסאך יידן ספעקוליאנטן...

און זי קוקט מיט דעם קלײנעם שמייכל אין די אויגן.

— זע, טאָכטער, װאָס איז מיט דיר?—װוּנדערט זיך אָפּ איר די מומע־נעכע,—דו מײנסט, אז סע טרעפט אנ אומגליק, דארף מען זיך נעמען און א מײַסע אָנטאָן? אָט האָט אמאָל בא אונדז ד מ פּאָפּס טאָכטער אויך געהאט א מאמזער, האָט מ׳ נ גענומען, אָפּגע־שטעלט א כאסליערע און פארטיק. עמעס, איצטיקע יאָרן מיט די פּראָפּעסיאָנאלנע איז אביסל שװערער, אָבער מירן זען, מירן טאָן, קען זײַן עס װעט זיך נאָך מאכן א שטילער באָכער אויך. די װעלט עקט זיך ניט. לעמײַ זאָלסטו אָבער ארומגײן און שרײַען: דער טאַ.ע איז א באָלשעװיק, געשאָסן מענטשן, װאָס ביסטו אזוי בא זיך געפאלן? װארט, און װער איז דער טאטע—א גוי?

טאָנקע שאָקלט נעבעך מיטן קאָפּ:

— א גוי,

— א גוי־א שמוי,—לאכט זיך אָבער אוים די מומע נעכע,—דו, נאריש קינד, װיבאלד קײנער װײס ניט, זאָג בעסער, אז ער איז א ייִד, און א שײנער ייִד. װי פארשטײסטו דאָס ניט? דו פארשװארצט דאָך דער מאמען דעם פּאָנעם.

טאָנקע הײבט זיך פלוצלונג אוף פון אָרט און מיט בײדע הענט דריקט זי די מומע נעכעס האנט.

— איר זײַט א פרומע ייִדענע און אנ ערלעכע ייִדענע,—זאָגט זי,—ס'איז גוט, אז מע רעדט זיך דורך.

און טאָנקעס בליק ווערט דורכדרינגעוודיק ווי בא א וואָראָנע. די מומע נעכע איז אויכ גערירט:

— זעט איר,—ווענדט זי זיכ צו די ווײַבער,—אז זי איז דאָכ גאָרניט אזא צעלאָזענע ווי מע רעדט. ווארט, און ווי רופט מענ דײַנ טאָכטער?

— יוליאנא.

— יוליאנא־שמוליאנא, דאָס געפעלט מיר שוינ אויכ ניט. דו, נאריש קינד, וויבאלד קיינער וייס ניט, זאָג בעסער, אז דײַנ טאָכטער רופט מענ סאָרעלע אָדער לייִנקע, אָדער גאָלדעצקע, ווי דו ווילסט. און דו זאָג, אז דו האָסט געמאכט א שיינעמ מאזלטאָוו, געוועג אסאכ געסט, און אפנ טיש איז געשטאנענ פונ אלדאָס גוטס. לעמײַ זאָל מענ דיר באריידנ, אז דו שפּאָרסט אָפּ פונ קינד? אזוינע זאכנ דארפ קיינער ויסנ.

— נימאנד!—טוט די שרײַבערקע פונ די אפארנ א מאכ מויל מיט איר לאנגער אויסגעשריבענער האנט.

דערנאָכ האָבנ זיי צו איר גערעדט שטילערהייט. קענטיק. וועגנ ווײַבערישע זאכנ. עס האָט זיכ געהאנדלט וועגנ נעמענ כאלע, וועגנ צינדנ ליכט און וועגנ נאָכ עפּעס פונ וואָס טאָנקע איז מאָדנע רויט געוואָרנ. די ווײַבער ארומ איר האָבנ גערעדט אלע מיטאמאָל. זי האָט אפילע געלאכט אויכ, ווײַל עס לאָזט זיכ אויס, אז דאָס מיידל איז גאָרניט אזוי צעלאָזנ, ווי מע מיינט.

— אז איכ זאָג דאָכ, עסטער, עס קענ נאָכ פונעמ מיידל ווערנ א לײַט.

נאָר דאפקע דעמלט, אינ דער הייסער מינוט, האָט זיכ אינ שטוב ארײַנגערוקט א מאנצביל. ער, צאלקע דעמ פעטער יודעס. ער האָט ארײַנגעבלאָנקעט אינ טיר א פארשלאָפענער, מיט א פארדרייטנ שניפּסל, מיט איבערגעבראָכענעמ געדאנקענ אפנ אש־גרויענ פּאָנעם. די ווײַבער זײַנענ שטומ געוואָרנ. בלויז די מומע־נעכע איז פלוצלונג ווידער געפאלנ אפ אנ אומגעריכטנ געדאנק:

— הער, טאָכטערקע,—האָט זי גענומענ שעפּטשענ טאָנקענ אינ אויער,—עפּשער וואָלסטו נאָר א טראכט געטאָנ וועגנ אים, וועגנ דעמ פעטער יודעס באָכער? א גאנצ פײַנער יונגערמאנ, אביסל איבערגעלערנט, אהער־אהינ, וועט מענ עס פארדײַבנ. וואָס זאָגסטו, הא?

און איידער טאָנקע האָט נאָכ באוויזנ צו באטראכטנ די זאכ, האָט שוינ די מומע-נעכע צונויפגענומענ די ווײַבער, געטריבנ זיי פונ צימער:

— קומט, ווײַבער, לאָזט די יונגע לײַט אביסל פארברענגענ...

דעמ פעטער זישעס אלטער וואָג־זייגער האָט געשלאָגנ האלב צוועלפ. די מומע גיטע איז שוינ סײַוי געשלאָפנ פונ אָנהויב אָוונט, איצט איז זי נאָר אוועק גלײַכ צו זיכ אינ בעט ארײַנ. אפנ ווונק פונ דער מומע נעכענ זײַנענ זיכ די ווײַבער ניט צענאנגענ, כאָטש עס איז שוינ געווענ שפּעט אינדערנאכט. אינ ווינקל, בא דער גלעזערנער טיר, האָבנ זיי זיכ אינ דער פינצטער ארָפּגעזעצט ערגעצ אפ אלטע קארטאָפל-זעק און גענומענ ווארטנ אפ די ווײַטערדיקע טשיקאווע געשעענישנ. אדורכ די בלוי־פארשטארטע פענצטער האָט ארײַנגעקוקט א שטיק ווײַסע פלייצע פונעמ רעבזעהויפ. די אלטע שאמעסטע איז באלד אײַנגעשלאָפנ, די מומע נעכע אויכ נאָכ איר, בלויז עסטער די שרײַבערקע פונ די אפארנ, איז ארײַנגעפאלנ נאָר אינ א האלב־אומרויִקנ דרעמל און געזענ פאר די אויגנ מאָדנע געציקלטע אויסיעס. זי האָט געזענ געדרייטע גימלענ מיט אָנגעשוואָלענע בײַכער, פעסטגעבויטע טעסנ ווי די טורעמס, לאמעדנ מיט פאריסענע דריידלעכ ווי שלאנגענ. זי האָט געזענ אנ איידעלנ אלעפ—איבערגעריסנ אפ העלפט.

דאָס איז געווען א קאָשמאר.

די שרײַבערקע פון די אפארן איז באשלאָגן געוואָרן מיט אנגסטן און זיך אופגעכאפט פון שלאָף.

די טיר צו טאָנקעס צימער איז געשטאנען אביסל אָפן, עטוואָס גרינע ליכט האָט זיך ארײַנגעגאָסן אויך אהער. און דעמלט האָט זי געהערט דײַטלעך וואָס די צוויי אדעליקע קינדער רײדן:

צ א ל ע ל  ד ע ם  פ ע ט ע ר  י ו ד ע ס:

די פענצטער פון מײַן צימער גײט ארויס אין צאָפן-זײַט. פאר די לעצטע כאדאָשים האָב איך געזען, ווי ס'האָבן זיך איבערגערוקט אפן צאָפנדיקן הימל היפשע עטלעכע שטערן. קענטיק, אז אומעטום קומט פאָר א באוועגונג. אלץ גײט. אלץ ענדערט זיך. בלויז איך, צאלקע דעם פעטער יודעס, שטײ אפ אײן אָרט.

ט אָ נ ק ע  ד ע ם  פ ע ט ע ר  ז י ש ע ס:

ניט ריכטיק, אז דו שטײסט אפ אײן אָרט, וואָרעם שטערן לײַכטן אויך ניט אײביק וויבאלד דו לעבסט, קומט פאָר א קעסײדערדיקע ענדערונג פון דײַן נאטור. ס'איז אָבער ניט גוט מיט דיר, צאלקע. דײַן געדאנק איז געגאנגען עפּעס איבערקערן און האָט זיך דערווײַל אלײן איבערגעקערט.

צ א ל ע  ד ע ם  פ ע ט ע ר  י ו ד ע ס:

אָבער איך מײן, טאָנקע, אז די צײַט איז שולדיק, אונדזער צײַט איז א שלעכטע.

ט אָ נ ק ע  ד ע ם  פ ע ט ע ר  ז י ש ע ס:

צײַטן זײַנען ניטאָ קײן שלעכטע.

צ א ל ע ל  ד ע ם  פ ע ט ע ר  י ו ד ע ס:

איז עפשער ווײסטו, טאָנקע, וואָס סע קומט דאָ מיט מיר פאָר?

ט אָ נ ק ע  ד ע ם  פ ע ט ע ר  ז י ש ע ס:

פאראן צוויי וועגן צו דער דיקטאטור פון פראָלעטאריאַט. דער וועג פון אן ארבעטער און דער וועג פון אזא אינטעליגענט, ווי דו. דער ארבעטער קומט ארוף אפ דעמדאָזיקן וועג סטיכיײש, אָן קאטאסטראָפעס. דער קלײנבירגערלעכער אינטעליגענט קומט צו דער דיקטאטור פון פראָלעטאריאט דורך קאטאסטראָפעס, דורך פארלירן זײַן גלויבן, דורך סקעפטיציזם, דורך אָפּזאָגן זיך אין צײגענען—דורך איבערגעבורט. נאָך די גרויסע שלאכטן האָט די רעוואָליוציע איבערגעלאָזן היפש פארווונדעטע אין די בעטן אפ אויסהײלן זיך.

צ א ל ע ל  ד ע ם  פ ע ט ע ר  י ו ד ע ס:

בין איך, הײסט עס, קראנק. אָבער פארשטײסטו כאָטש, אז איך בין אופריכטיק, ווען איך שרײַ?

ט אָ נ ק ע  ד ע ם  פ ע ט ר  ז י ש ע ס:

נאָר וואָס זשע קומט דיר פאר דער אופריכטיקײַט, צאלקע? א בורזשוי פאָדערט ערלעכקײַט, א באלעבאטיש ווײַבל—פרײלעכקײַט, א יונגער בוכהאלטער—שײנקײַט, א רײַכע פוסטעפאסניצע—קלוגשאפט, און א קלײנבירגערלעכער אינטעליגענט—אופריכטיקײַט, אופריכטיקײַט...

די מומע נעכע האָט זיך א הייב געטאָן א פארשלאָפענע פון די קאַרטאָפל. זי האָט געהאט א פולע נאָז מיט שטויב:

— עסטער, וואָס הערט זיך דאָרטן?

— זיי ריידן די שענסטע ווערטן פון דער זשארגאָנישער שפראכע.

— צוליב וואָס טוען זיי דאָס?—פרעגט אומרויִק די מומע נעכע.

— אום צו פארברענגען, ווי אדעליקע קינדער, אין קיסע אונד געשפרעכן.

— וואָס איז דאָס קיסע, עסטער?

— קיסע—דאָס איז קושן.

— קושן זיי זיך?—האָט זיך נעכע פלוצלונג אויסגעשטוכעט.

— ניין. דיזעס נישט.

— הײַנט וואָס זאָגסטו?

— דיזעס,—ענטפערט עסטער מיט פארבענקטע אויגן,—זאָג איך צוליב שיינהײַט.

# ווײַטער וועגן ווינטער

די שטאָט, א גענאָסענע אין שניי, ליגט אין איין געהויקערטן שטיק אפן האָריזאָנט, ווי בא א גרויסן, בלויען פענצטער. אפ די טעלעגראפ־סלופן פלאצן פון קעלט די גרינע גלעזערנע שיסעלעך. די לופט—ריינער ספירט. סיווע אײַז־קאָלטנס הענגען אראָפּ פונעם רעבזעהויפ, ווי בערד פון וואסער־פירער. בלויז אפ דעם פעטער יודעס יאָנטעוודיקן דאך איז דאָ נײַס; ארופ ביז צום קוימען ציִען זיך שפורן פון דרײַ פינגערדיקע לאפקעס—דאָ איז פארטאָג דורכגעגאנגען א פויגל.

עס רוקט זיך ניט ארויס קיין איין פליישיקע נאָז פון די שטיבער. מאכמעס אינדערפרי האָט מען אונטער די קאָלדרעס געהערט, ווי ס'האָט געפלאצט אין פראָסט די לעצטע גאנצע ברעט פונעם רעבזעהויפ.

בערעס א שווארצער פאצאן, קענטיק א קומענדיקער אמונדסען, האָט פון באגינען אָן געטעמט אפ א שויב און איצטער האָט ער אדורך דעם אויסגעפּאָרעטן רעדל אין גלאָז דערזען: בא א ברעג דאך האָט זיך קוים גענומען שטויבן טרוקענער שניי, פונקט א קאַץ וואָלט דאָרטן געגראבלט מיטן פיסל. ער האָט באלד ארופגעכאפּט דעם טאטנס שטיוול, אראָפּגערוקט דאָס היטל איבער די אויגן און געמאָלדן:

— פארטיק, סע הייבט זיך אָן א מעטעליצע!

— ווו, גולאָם?—האָט כײַעלע ארײַנגעקוקט אין פענצטער און זיך פלוצלונג דערמאָנט, אז בייס אירע ווינטערדיקע ליבעס מיט בערען, האָט מען אין הויפ פאָרויסגעזאָגט, אז פון איר טראכט וועט עפּעס ארויסקומען א קאלטער שטערנזעער.

— א מעטעליצע!—האָט איבערגעכאַזערט דער יאט,—סע בלאָזט פון צאָפנדיקן פּאָליוס.

עטלעכע שנייעלעך זײַנען אראָפּגעפאלן פון הימל. אין ברעג דאך האָט דאָס ווינטל געגראבלט און דער שניי האָט זיך שוין געשטויבט אפ ארופ. פון א געזימס איבער א פענצטער האָט זיך אראָפּגעשאָטן אביסל שניי. דעם פעטער יודעס יאָנטעוודיקער דאך איז טונקעלער געוואָרן.

דעמלט האָט זיך פון מיטן גאס אופגעהויבן א הויפן שניי און זיך אליין צעבלאָזן. עס האָט א שאָט געטאָן פון די דעכער, א הורבע שניי איז אראָפּגעפאלן גלײַך פון אויבן

ווי פונ א לאָכ אינ הימל. אינדערלופט האָט זיכ עפּעס גענומענ קוליענ, א מוטנעם יאָג געטאָנ פונ הינטער א ראָג מיט א וואָיעדיקנ גערויש. דער שניי האָט שוינ געדרייט, פאַרקלעפּט די ווענט, אַרײַנגעשאָטנ אינ די בוידעמער. אונ עס האָט זיכ שוינ געריסנ א צעפליקטער נעפּל, א געדיכטער אונ א געפּינטלטער, פאַרשמירט די וועלט; אהינטער אים זײַנענ די שטיבער שיטער געוואָרנ, צעשווומענ, ווי זיי וואָלטנ געווענ געבויט פונ רויכ.

די פענצטער האָט אביסל אָפּגעלאָזנ. די זעלמעניאַנער האָבנ אדורכ די שטאָק־מאַטע שויבנ דערזענ, ווי אינ הויפ, אינ דער מעטעליצע, בלאָנקעט ארומ א מענטש. ס'איז געווענ א שוואכער יונגערמאַנ, קענטיק אנ אודושליווער, אָנגעשפּאַרט אפּ א שטעקל. דער שניי האָט אים פאַרשמירט דאָס פּאָנעם, ארומגעקלעפּט דאָס גרינגנ אויבער-בעגעד הארט צומ קערפּער, אונ, דוכט זיכ, ער האָט דאָ ערגעצ געזוכט אנ אָרט, וווּ צו קענענ אָפּסטעמענ. דעמלט איז אָבער פאָליעס ווײַבל אַרײַנגעלאָפנ צו כייעלענ אינ שטוב מיט א שפּאָגל נײַער רעווליציע:

— קעפּ וואָס איר זײַט, ווייסט איר ניט ווער דער מענטש איז?
— א שטייגער ווער?—וויל מענ טאקע ויסנ.
— ס'איז דאָכ די געלע שנײַדערקעס מאַנ, דער וואָס האָט די דער...

אונ די בייזע צונג האָט באלד אפּ אנ אָרט אויסגעטראַכט, אז דער אודושליווער יונגערמאַנ זוכט פאַלקענ, וואָס האָט אים פאַרפירט זײַנ ווײַב, די געלע שנײַדערקע. איצט, ליבנדיק זיכ אינ דעמ יונג, קענ אימ די ווײַב ניט רויִק אויסהאַלטנ. דער יונגערמאַנ נייטיקט זיכ אָבער אינ וויגאָדע, וויל ער בעטנ פאַלקענ, ער זאָל זענ אפּ אימ ראַכמאָנעס האָבנ אונ אויב ס'איז פאַר אימ, פאַר פאַלקענ, ניט שווער—אָפּוואַרטנ מיט דער ליבע ביז זומער.

— פּײַנ פונ אײַער זונ, ניטאָ וואָס צו ריידנ!—האָט זיכ פאָליעס ווײַבל געוואָלט דערווײַל צוקריגנ מיט דער מומענ.

די זעלמעני·אַנער האָבנ געשוויגנ, כאָטש אַלע האָבנ געוווּסט, אז די געלע שנײַדערקע איז א מאַמע פונ זעקס קינדער, זיי האָבנ זיכ בלויז צוגערוקט נעענטער צומ פענצטער. דער יונגערמאַנ איז שוינ אָבער ניט געווענ. ס'האָט זיכ געבויטעט דער הויפ פאַר די אויגנ, ווי א מוטנער וואַסער, געטראָגנ זיכ אונ געשווומענ אינ שנייִקע וואָלקנס.

דעמלט האָט געדויערט א ווײַלע אפּ איבערטראַכטנ די זאַכ אונ די זעלמעניאַנער האָבנ אָנגענומענ די גאַנצע מײַסע פאַר א וויסטער זעונג פונ דער מעטעליצע, א כאָלעמ, וואָס באַלענאַלעס זעענ אונטערוועגנס, ווענ זיי פאַרבלאָנדזשענ אינ א זאַווערוכע.

---

א שאָד די פייגלשע לאַפּקעס אפּנ פעטער יודעס דאַכ. עס האָט אויסגעזענ, ווי א קאַלטע סרייפע. דער שניי האָט זיכ געזיכערט; אונטנ, אפּ דער ערד, האָט ער זיכ איבערגעטראָגנ אינ שאַרפ געשליפענע בערגלעכ איבער די פאַרשיידענע ערטער פונ הויפ. אפּנ מויער האָט זיכ געוואָרפנ אנ איבערגעראַסטע רינע, געסקראָבעט אָנ וואַנט, ווי אנ אָפּגעפליקטער דאַשיק איבערנ פּאָנעם פונ א קליינעס רעבזעלמעלע. מיט די פוסטע פּירהויזנ, מיט די פאַרפּאַפטע שויבנ, האָט דער הויפ ארויסגעשטעקט פונ דער מעטעליצע, ווי אנ איבערגעקערטע שיפ. דעמ פעטער איטשעס שטאַל פונ האָלצ, וואָס האָט א דעכל פונ שיטערע דראַניצעס, אונ אָנשטאָט ווענט—לעכער פונ פאַרשיידענעמ אויסזענ, איז ניט אײַנגעפאַלנ, ווײַל די שטאַל האָט אדורכגעלאָזנ די זאַווערוכע דורכ זיכ. עס האָט זיכ דאָרטנ

געטרייסלט אונטערן שנײ א ברעג פון אן אלטער ראָגאָזשע, און אף א שטעקן איז גע־האנגען עפעס אזוינס, וואָס איז אמאָל געווען א מאנצבילשע העמד. דאָס איז געהאנגען צעפליקט אין צעפוילטע פאסן און געפלאטערט וווּהין דער ווינט האָט געטריבן.

סע שיט און שיט.

דעמלט איז צאלקע דעם פעטער יודעס ארויס אין הויף. ער איז ארויס אינעם הוילן דעקעלע, מיטן אָנגעשטעלטן קאָלנער און געטרייסלט זיך פאר קעלט. פון אומעטום האָט געשפריצט איבער אים מיט שנײַדיקע מאטע פונקלעך, ווי פון א גרויסער שלײַף־מאשין.

— דאָס גייט ער האָבן דעם מאָגן!—האָבן מאנכע זעלמעניאנער געפרוווט טרעפן.

פארשטייט זיך, אז ניט. צאלעל דעם פעטער יודעס האָט זיך אָקאָרשט אופגעהויבן פון צווישן די ביכער. ער שרײַבט אָט דעם ווינטער אן ארבעט וועגן דער שפראך פון א צווייפל. עמעס, אז ער האָט שוין אופגעהויבן א גרויסן מאטעריאל, כאָטש סע גיט זיך אים נאָך ניט אײַן צו פארייניקן אין איין גאנצקייט די פארשיידענע שטאנדפונקטן. ער האָט זיך אָקאָרשט אופגעהויבן פון צווישן די ביכער און איז ארויס דורכלופטערן די גע־דאנקען איבער די זעלמעניאנישע שטיבער.

סע שיט און שיט.

בא דער מומע גיטען אין שטוב איז שטיל. אפן טיש—א טעלערל מיט ביינדלעך פון א פלאָטשע, א געעפנטער קאָנווערט און א בוך—ריקאָרדאס „געלט“. די מומע גיטע שטייט אף א בענקל נעבן פאָליצע פון די מאכזוירים און זוכט עפעס א סייפערל. די מומע גיטע קוקט ארײַן אין א סייפער פון צײַט צו צײַט. זי דאוונט. זי שטייט שמוי־געסריי און שאָקלט זיך ווי א מאנצביל.

— גוטמאָרגן, מומע!—זאָגט צאלקע נאָך דעם, ווי די מומע האָט זיך אפילע ניט אומ־געקוקט.

— גוט מאָרגן,—גוט יאָר!—ענטפערט די פרומע מומע מיט דער פארטראכטקײַט און רויִקײַט פון יענע קליינשטעטלדיקע ראבאָנים, פון וועלכע זי שטאמט.

דאָס סוידעספולע מיידעלע אין וויג האָט א גראָב נעזל. דאָס מיידעלע איז פארדעכטיק בלאָנד. צי איז מעגלעך, אז טאָנקע האָט געטראָגן אין זיך בלאָנדקײַט פון ערגעץ א ווײַ־טער באָבען און נאָכדעם האָט זיך עס ארויסגעוויזן אין איר טאָכטער?

צאלקע דערקענט פלוצלונג אפן פיצל פענימל עפעס א באקאנטן אָנבליק, סע טוט א זעץ אין הארצן, און עפשער צוליב דעם קען ער זיך שוין ניט דערמאָנען דעם אָנבליק ביזן סאָף?

ער גייט צו צום טיש און נעמט דעם קאָנווערט צו די ברילן: דער שטעמפל איז פון פעטראָפּאוולאָווסק אף קאמטשאטקע.

דעמלט איז צאלעל דעם פעטער יודעס ארויס פון דער מומע גיטען און איז אוועק איבער די זעלמעניאנישע שטיבער.

סע שיט און שיט.

די זאווערוכע ווערט געדיכטער. פון די צעפליקטע נעפלען רוקן זיך ארויס ווײַסע, האָריקע לאפעס. דעם פעטער איטשעס שטאל פון האָלץ זעט אויס, ווי א מירמלנער שלאָס, פלוצלינג ווערט ערגעץ א גרוב אין דער מעטעליצע, אָן לופט, אָן רוים, אָן קאָליר. צאלע האָט דאָרטן אין גרוב פארלאָרן די ברילן פון נאָז.

— מאך צו די טיר!—שרײַט מען אים נאָך.

— א צוק ווינט, ווײ איז מיר!

— דאָס לאָזט ער אומישנע ארויס די װארעמקייט פון די שטיבער!

בא דעם פעטער איטשען אין שטוב איז שטיל. דער מאָרעשכוירעדיקער ייִד, די מומע מאלקעלעס קאָרעיז, זיצט באם פענצטער און קײַט עפעס. אונטערן בעט שטייט דער אײַזנ־באשלאָגענער קופערט. אינעם אָפענעם טאָפּטשאן שלאָפט געשמאק פּאָלקע דעם פעטער איטשעס. ער איז פארמורזעט, פארשמירט אין אייל. פּאָלקע דעם פעטער איטשעס איז איצט א געהילף־מאשיניסט אף דער עלעקטראָ־סטאנציע. ער ארבעט באנאכט און שלאָפט באטאָג. דאָס איז א באוווסטער פעפער און אים איז גאָרניט אזוי לײַכט אופצוּוועקן. צאַלעל האָט בענומענע שלעפן פון אים די קאָלדרע:

— הער, װעמענ האָט טאָנקע אף קאמטשאטקע?

— קיינעם ניט,—טוט פּאָלקע א רייד פון שלאָף און קערט זיך איבער צום וואנט.

— הײַנט װער שרײַבט איר בריוו פון דאָרטן?

— װער?—ענטפערט פּאָלקע פון יענער װעלט,—מיסטאָמע בראָווקע...

און איז ווידער פארזונקען אין זײַן ניט אָפּגעשלאָפענער נאכט, ווי א האק זינקט אראָפ אין וואסער. און ווער ווייס, עפשער שלאָפט ער און זעט אין כאָלעם די געלע שנײַדערקע, אָדער איינער א מיידל כאנעלע, וואָס ער גייט מיט איר אין קינאָ, נאָר דעם פעטער פּאָליעס ווײַבל ווייס נאָך ניט פון דעם.

דעמלט איז צאלקע דעם פעטער יודעס ארויס פונעם פעטער איטשען און איז אוועק איבער די זעלמעניאנישע שטיבער.

— מאך צו די טיר!—שרײַט מען אים נאָך.

א צוק־ווינט, ווײ איז מיר!..

נאָר צאלעל הערט שוין קיינעם ניט, ער בראָדזשעט אין שניי, פאלט, פארשווינדט אין די קעסל־גריבער פון דער מעטעליצע, און אוועקגעטראָגן שוין ווײַט־ווײַט אויסערן הויף, טראכט ער נאָר איין זאך:

— צי איז ניט אמאָל דער יונג בראָווקע, אפן וועג קיין קאמטשאטקע, אדורכגעפאָרן װלאדיװאָסטאָק?

---

א כוישעך און א וויוגע. פון הינטער א דאך טוט א פלאצ פון דער פינצטער מיט א הורבע שנייעלעך, קוים באלויכטן פון א זיך שאָקלענדיקן אָפּשײַן פון א לאמטערן אף דער דריטער גאס. ערגעץ פון א זײַטיקן פארוויייטן געסל קריכט צומאָל ארויס, ווי א מין לעבעדיקע געשטאלט. דאָס איז פארקני־ט, פארקוטעט מיט קאָלדרעס און פאטשיילעס און ס'הינקט צוריק ארײַן אין דער מעטעליצע ווי א קײַלעכדיקער לייפעצ. דער ווינט שאָרבעט איבער די גאסן; פלוצלינג טוט זיך א שאָט איבער דעם שניי ביז אריבער די פלאנקענער און אונטן באוויַזט זיך דער נאקעטער ברוק.

שוין עטלעכע טעג ווי טאָנקע קומט ניט אהיים אפילע אינאָוונט. גאנצע נעכט זיצט זי בא א קליינעם שרײַב־טיש, רויכערט פאפיראָסן און דיקטירט א באריכט פאר א פלענום פון פּאָלק־קאָמיסאריאט. הויפנס שניי קלעפּן זיך אין די שווארצע שויבן. די מאשינ־יסטקע נעבן איר, פארקוטעט אין מאנטל, מיט פארשטארטע פינגער, האָט שוין פארלאָרן דעם גלויבן, אז דאָס מיידל וועט זי ווען־ניט־איז אָפּלאָזן אהיים.

דער שווערער דעמבענער זייגער אפן וואנט שלאָגט צוועלף. ערגעץ רײַסט דער ווינט א בלעך פון דאך, וואָיעט אין די וויסטע אונענדלעכע קוימענס פון אנשטאלט.

פלוצלונג דערזעט טאָנקע, קעגניבער, אינ דער פארווייעטער שויב האָט זיכ ארײַנגעקלעפט א בלײַכער פּאָנעמ. די וויעס פונעמ לענגלעכנ אָפּגעצערטנ פּאָנעמ זײַנענ פארקלעפט מיט שניי. טאָנקע האָט אימ דערקענט אויכ אָנ זײַנע ברילנ—דאָס איז צאלקע דעמ פעטער יודעס.

זי איז צו צומ פענצטער.

ער איז אראָפּגעשפּרונגענ אינ טיפנ שניי, ער איז אפּ אלע פיר ארײַנגעקראָכנ צוריק אינ דער זאווייע אונ געבאָמבלט האָט זיכ איצט בא אימ אינ קאָפּ א שטיקל פונ עפּעס אנ אנדער ווייטיקדיקנ געדאנק:

— אָט דאָס מיידל, אָט דאָס מיידל, וואָס איר גאנצ לעבנ איז ארבעט, וואָס איז ערשט געקומענ צופאָרנ אונ האָדעוועט שוינ דורכ טאָג אונ דורכ נאכט...

הערשל ווינאָקור

# טײַגע־בערג

(פונ בוכ בירעבידזשאנ).

א רוישיקע נאכט. אראָפּ זײַנענ די שוואַרצע פלעקנ פונעם הימל. אונ מער האָט שוינ די טײַגע־ערד קײַנ רעגנ ניט געהאַט.

זומער. סע בלויט צו טאָג!

מיט ראָזער שײַנ איז דער מיזרעכ באַצויגנ, ווי מיט דורכזיכטיקע טיולנ. אינ טאָל באַם באַרג פליסט רויִק א טײַכל. פליסט גיכ אונ מיט שטילנ געזאַנג. א לעצטער שטערנ, ווי א בלויִ ליכטל צאַנקט אויפנ ווײַטנ האָריזאָנט. פלוצים צינדט זיכ אָנ א זונ. א גרויס,— א פײַערדיק אויג.

די בערג פונ טײַגע, די טאָלנ, גאַנצ בירעבידזשאַנ העלט אונ בליט. דאָס פײַערדיק אויג קוקט מיט א שעפע גילדענע שטראַלנ אויפנ לאַנד.

— א זוניק לאַנד...

— מיט זונ איז באַגאָסנ דאָס לאַנד...

א 30 קילאָמעטער פונ סטאַנציע בירע. אפּ 85 קילאָמעטער פונ שטאָט בירעבידזשאַנ. אינ דער ריכטונג צו מײַרעוו צו. אינ דער טיפער טײַגע—שטייענ בערג ווי העלפאַנדנ צעשטעלט.

קיינער האָט זיכ אויף די בערג ניט אומגעקוקט. אונ פלוצים...

אינ איינעם א טאָג האָט א קרעכצ געטאָנ א באַרג. אינ האַרצ פונעם באַרג האָט א מענטש געמאַכט א לאָכ אונ ס'האָט זיכ א שאָט געטאָנ איינ שטיינ נאָכנ צווייטנ:

— קאַלעכ־שטיינער!

דער גרויסער באַרג, וואָס האָט זיכ אינ מיט פונ טײַגע אויפגעשטעלט האַלב קײַלעכדיק, ווי א האַלבע לעוואָנע—איז איצט פאַרוואַנדלט געוואָרנ אינ א קאַלעכ־זאַוואָד, וואָס גרייט צו בוי־מאַטעריאַלנ פאַרנ גאַנצנ ווײַטנ מיזרעכ.

אינ דער טיפ פונ באַרג־האַלבקײַלעכ איז אויסגעוואַקסנ א זאַוואָדיש שטעטל. די שווײַגנדיקע בערג האָבנ זיכ מיטאַמאָל צערעדט. אינ פּוסטנ טאָל זײַנענ הײַזער אויסגעוואַקסנ אונ אינ די הײַזער—מענטשנ, וואָס גייענ אוועק אינ די בערג אויף אַרבעט. מענטשנ היגע.—טאַיעזשניקעס.—געוועזענע רוסישע קאַזאַקנ. קאַרייער, טאָטערנ.

אונ מענטשנ אָנגעקומענע.—איבערוואַנדערער.—יידנ פונ סאָוועטנפאַרבאַנד: אוקראַיִנע, ווײַסרוסלאַנד. אונ יידנ פונ אויסלאַנד—פונ אַמעריקע, דײַטשלאַנד, פּוילנ, פּאַלעסטינע...

ווען דזשאַנ פירינ איז אַראָפּגעקומענ אינ זאַוואָדישנ שטעטל האָבנ נאָר צוויי אויוונס געברענט אינ די בערג. ווײַטער אביסל איז אַ שטיק בארג מיט א געלעכערט הארצ געשטאַנענ. אינ דער לאָכ וואָס מענטשנ האָבנ אָנגערופנ „קאַריער" האָבנ זיכ ארבעטער געגריבלט...

דאָס גאַנצע זאַוואָדיש שטעטל האָט באַלד באַמערקט דעם פרעמדנ.

דזשאַנ האָט אַלצ באַקוקט, באַטראַכט. אפנ הילצערנעם בריקל פונ שטילנ טײַכל, וואָס לויפט הארט באַם בארג האָט ער געשטעלט זיכערע, שווערע טריט, ווי אפנ ערד־באָדנ. דאָס בריקל האָט א סקריפּע געטאָנ אונטער זײַנע פיס אונ קוים א לעבעדיקס געבליבנ.

פאַר די אײַנוווינער פונ זאַוואָדישנ שטעטל האָט דער פרעמדער געהאַט אַנ אויסזענ פונ א מינ אויסטערלישנ מאַנ. דזשאַנ האָט געהאַלטנ זײַנ געקעסטלטע קעפּע אינ א גרויסער ברוינער האַנט. זײַנע שווארצע האָר האָבנ זיכ פונ ווינטל געריסנ אונ זיכ געשפּילט אפנ גרויסנ שטערנ. מיט אַנ אײַנגעשפּאַרטנ הארטנ שמייכל אפנ רונדיקנ פּאָנעם, מיט א שטומענ ווונק פונ אויגנ, גרויע מיט בלויעלעכנ ברעג—האָט ער אפ אַלצ געקוקט אונ געשוויגנ...

פרויענ האָבנ געלאַכט:

— אַזאַ געזונטס אונ גייט נאָר אינ קורצינקע הויזעלעכ...

— אונ, שוינ ניט קיינ יונגער. די האָר זײַנענ אים אינ גרויקײַט פאַרטשעפּעט.

ארבעטער אינ „קאַריערנ" האָבנ זיכ אפ קלייניקײַטנ ניט געוואָלט אָומקוקנ. מ׳האָט זיכ נאָר מיט אפאָר ווערטער איבערגעוואָרפנ:

— אַנ אויסלענדער.

— מעריקאַניצ...

א בארג ניט קיינ מענטש.

— מ... מ... א געזונטס!...

עמיצער האָט זיכ געווערטלט:

— מירנ נאָכ זענ, ווי די קורצע פּליודערנ וועלנ האַלטנ א קירקע אינ האַנט.

האָט דער אַלטער מאַקסימיטש אָפּגעענטפערט:

— שטאָזש, טי שוטיש? עטאָזש מעריקאַניצ!...

באַטאָג האָבנ די אײַנוווינער פונ זאַוואָדישנ שטעטל געזענ דעם פרעמדנ קלעטערנ אפ די בארג-שפּיצנ. ער איז געגאַנגענ, דזשאַנ, צווישנ די פּילצאָליקע ביימער, וואָס וואַקסנ אינ א פּלאָנטער אפנ בארג אונ געמאָסטנ גלײַכע טריט. ווי אפ דער האַנט אַזוי האָט זיכ פאַר זײַנע אויגנ אויסגעשפּרייט די גאַנצע געגנט. אַלצ האָט זײַנ אויג פאַרכאַפּט.—ביז א קלענסטער קלייניקײַט: אָט דאָ שלענגלט זיכ דער בירער טײַכ. הערס, הערס ווײַט פאַלט ער אַרײַנ אינ אַמור. אונטנ אינ סאָל זײַנענ די שטיבעלעכ ווי פויגל־נעסטנ...

אינ א פּאָר טעג ארום איז לייבל, אַנ איבערוואַנדערער פונ אומאַנ גלײַכ צוגעגאַנגענ צו דזשאַנען, א שמאָרע געטאָנ מיט דער נאָז אונ אפ פּאָשעטנ מאַמע־לאָשנ זיכ מיט אים צערעדט:

— איאָ, איר זענט א ייִד?

דזשאַנ האָט אים אויסגעשטרעקט א האַנט.

— יעס, כאַווער...

— הערט—האָט שוינ לייבל דרייסטער א פרעג געטאָנ אונ דערבײַ שוינ טאַקע צוויי מאָל א שנאָרע געטאָנ מיט דער נאָז—איכ האָב א פעטער אינ אַמעריקע!

— אָלרײַט—האָט דזשאַנ צוגעשמייכלט און לײבלען האָט זיך געדוכט, אז דאָס פרעגט ער אים „וואָס זשע ווילסטו?"

— האָט ער זיך טאַקע לאַנג געמאַטערט לײבל, ניט געוווּסט וואָס ער וויל און צום סאָף אויסגעלאָזט:

— אַזש פון אמעריקע קומט איר?.. נו, כאַווער זענט איר שוין איצט געקומען נאָך אַלעמען. די רעגנס גייען שוין ניט. די פליגעלעך בײַסן שוין ניט אַזוי אָ,... איז נו. וואָס איז דאָ צו ריידן...

אפדערנאַכט איז דזשאַנ אומגעגאַנגען מיטן סעקרעטאַר פון פּאַרטיי־קעמערל מיט מוישע גרינ. זיי זײַנען געגאַנגען איבער דער אײַנציקער גאַס פון זאַוואָדישן שטעטל. פלוצלונג האָט דזשאַנ דערזען: גאָלדענע פייגלען פליִען איבער די בערג.

ניין. ניט קיין פייגלען פליִען.—איבער די בערג בלאָנדזשען ארום שטיקער פײַער. דער שוואַרצער הימל צינדט זיך אָנ מיט רויטער סרייפע און ווערט באַלד צוריק פאַרלאָשן...

דער כ׳ גרינ האָט געזאָגט:

— דאָס האַלט מען אונטער דאָס פײַער אין די קאַלעך־אויוונס.

— צוליב וואָס? האָט דזשאַנ געפרעגט.

גרינ דערקלערט:

— פינף מעסלעס ברענען די שטיינער אין די אויוונס, אָנ אופהער פינף מעסלעס... די שטיינער ווערן אַזש צעקאָכט. דערנאָך קילן זיי זיך אָפּ.—ס׳ווערט קאַלעך.

— איז דאָס אַ פּראָבלעם קאַלעך?

— כ׳פאַרשטיי—האָט גרינ געזאָגט אונטערכאַפּנדיק דזשאַנס געדאַנק—איך פאַרשטיי, איר ווילט זאָגן, אַז אין די בערג פון טײַגע, פון בירעבידזשאַנ זײַנען פאַראַנ טײַערע מעטאַלן.—פאַרוואָס מיר אַרבעטן ניט אויס יענע בערג?

— מיר וועלן זיך גאָר אינגיכן נעמען צו יענע בערג אויך, כאַווער. אָבער דערווײַל גייט די איבערוואַנדערונג. מע דאַרף בויען הײַזער און דער גאַנצער ווײַטער מיזרעך וווינט אין טײַגע, אינדרויסן... און מיר דאַרפן בויען, בויען און בויען.—קאַלעך, דאָס איז בוימאַטעריִאַלן. קאַלעך איז...

— יעס, ס׳איז ביזנעס!

— באַם אמעריקאַנער איז ביזנעס, בא אונדז—פּאָליטיק!

— אָלרײַט—האָט דזשאַנ צופרידן געשמייכלט פון דעם, וואָס אין סאָוועטנפאַרבאַנד איז אפילע בויען הײַזער פאַרצייכנט מיטן גרויסן נאָמען—פּאָליטיק!

מע איז צוגעקומען צו די ברענענדיקע אויוונס. איבער די אויגן האָט אַ בלענד געטאָנ אַ רויט העמדל. עמיצער האָט אראָפּגענומען פון קאָפּ אַ לעדערנע שליאַפּע. אָפּגעווישט דעם שוויים.—אַ מענטש....

— דאָס איז דער כ׳ טשענ—האָט געזאָגט מוישע גרינ—ס׳איז קאָרייער. אַנ אַלטער פּאַרטיזאַנער, אונדזערער אַנ אַרבעטער, אַ שלאָגלער.

די אויגן האָבן זיך צוגעוווינט צו קוקן. מ׳האָט דערזען: אַ ברוינ צעהאַרגעט פּאָנעם. קאַרבן, שניטן, עטלעכע גרויע האָר. אַ בערדל. דער קאָפּ אַנ אויסגעטריקנטער. אַ בע־גאָלטער. גריבעלעך אין קאָפּ. סימאָנים פון וווּנדן אין פּאַרטיזאַנער שלאַכטן. די קליינע אויבעלעך זײַנען אָנגעלאָפּענע, אביסעלע קרומלעכע און שמאָלע, די ווינקלען פון מויל לאַכן מיט קינדערשן געלעכטער: דאָס איז דער קאָרייער טשענ.

טשענ גיט א ציפע מיט זײַנע לאנגע פינגער די עטלעכע גרויע האָר פונ זײַנ בערדל אונ גיט א זאָג:

מײַנע סאָוועטא, מײַנע ארבעט גוט. אָ!...

ווײַזט ער דער כ׳ טשענ ווי אזוי סאָוועטישע ארבעטער קענענ ארבעטנ. מעט־ראָווע האָלצ־שטיקער פליִענ געשיקט אינ מויל פונ אויוונ. דער אויוונ שלינגט אײַנ איינ שטיק האָלצ נאָכנ צווייטנ. דאָס פײַער טרעסקעט, קנאקט. די פינצטער צינדט זיכ אָנ מיט רויטנ פלאַם. שטיקער פײַער ווי גאָלדענע פייגל דרייענ זיכ ארום די בארג־שפיצנ...

---

דאָס זאוואָדישע שטעטל האָט אָ׳געהויבנ צו לעבנ מיט א נײַעם שטורמישנ לעבנ. אינ גאנג פונ שטיל לעבנ האָט זיכ פלוצים ארײַנגעריסנ א וויכערדיקער שטראָם. ס׳האָט א קאָכ געטאָנ דאָס שטעטל...

ווי אינ א קאראהאָד אזוי האָט דזשאנ א גאנצנ טאָג פאר יעדערנ אינ די אויגנ גע־שווינדלט. גיכע, רירעוודיקע אונ שטײַפע זײַנענ זײַנע טריט. זײַנע רייד.—הויכע, שארפע, קורצע.

פארטאָג האָבנ אלע אויסלענדער מיט ווײַב אונ קינדער זיכ געלאָזט צום קאלטנ זינגעוו־דיקנ טײַכל. מ׳האָט ריינ געמאכט א פלאצ אונ מע האָט אָנגעהויבנ בויענ פאר זיכ א הויז. פרויענ אויסגעפוצטע אינ בלויע היטעלעכ זײַנענ מיט אמאָל פארוואנדלט געוואָרנ אינ שטיינ־טרעגער, אינ מויערער אונ מוליערס. מענער אָנגעטאָנענע אינ סטאנדארטנע ארבעט־קאָסטיומענ האָבנ געטראָגנ שווערע סלופעס געהילצ, ס׳האָט זיכ דערהערט א כראָפּ, א הריזע פונ א זעג, א ליאזג, א קלאַפּ פונ א שארפער האק. מיידלעכ אָנגעטאָנענע אינ הויזנ האָבנ געטראָגנ עמער וואסער פונ טײַכ. געקנאָטנ ליים, געמישט, געשארט. אינ דער־לופט האָט זיכ דער ארבעט־אימפעט געטראָגנ.

דער דירעקטער וואסיליעוו האָט יעדערנ אָנגעוויזנ אפ די אויסלענדער אונ צופרידנ פאָרויסגעזאָגט:

— א שטאָט וועט וואקסנ. יאָ, נאָכ שענער פונ שווייצאריע. אָנ, זעסט די בערג? די לאָנקע, דער טײַכ, דער וואלד, די זונ—ניט ערגער ווי אינ שווייצאריע.

טיומינ איז געשטאנענ א בייזער. מיט א רעציכע אנ אָנגעגאָסענער. בא יעדער מאָל, וואָס איינע פונ די אויסלענדישע פרויענ איז דורכגעגאנגענ, האָט ער אויסגעשפיגנ.

— טפיו, סטערווא, אינ מײַסקעס זיכ אָנגעטאָנ ווי א מוזשטשינ, אָט וואָס.

אונ אָרלאָוו איז געשטאנענ מיט א שטומפיקער האק אינ האנט. לאנגזאם געטעסעט א ברעוונאָ אונ געקוקט טיומינענ אינ מויל ארײַנ.

סיגאָלײַעוו, דער געהילפ־דירעקטער האָט זיי בארויִקט.

— נישקאָשע, איר זעט דאָכ. ארבעטנדיקע זײַנענ זיי דאָכ. וואָס איז דאָ פריִער גע־ווענ? א טײַגע, א ווילד־וואלד אונ איצט,—א לאנד... נײַע מענטשנ. זאָלנ זיי ארבעטנ. פאר יעדערנ וועט גרינגער ווערנ. נו דאָ... פאר יעדערנ...

פונ די קליינינקע שטיבעלעכ האָט מענ זיכ א שאָט געטאָנ אפ גאס קוקנ ווי אזוי די „מעריקאנצעס״ ארבעטנ. גאָר שטארק אָנגעלאכט האָט מענ זיכ פונ גערמאנענ.

גרויסע בלויע אויגנ זײַנענ בא גערמאנענ. אזוינע בלויע ווי זײַנ ארבעט גארניטער. אפנ קאָפּ איז אים אָנגעטאָנ א בלוי קײַלעכדיק היטעלע אָנ א דאשעק. אליינ איז ער א הויכער, ברייטפלייציקער יונג.—שטייט ער אונ קאָרטשעוועט אפ א גרויסנ קוואדראט־

שעטעכ די בוימער-וואָרצלען. ער לייגט זיי די וואָרצלען אינ א ווענעלע דערנאָכ אריינ און לויפט מיט דעמ וועגעלע וויַט, וויַט אפ א באשטימטנ פלאצ. דאָרט ווארפט ער אָפ די וואָרצלען און לויפט צוריק מיט א ליידיק וועגעלע.

— אנ אומנוצלעכע ארבעט—זאָגנ אייניקע.

— א טראָטואר וויל ער מאכנ, ווי אינ שטאָט—פרוּווט מענ זיכ טרעפנ.

— א וויַנגאָרטנ—לאכט מענ.

פלוצים האָט זיכ א מעשענער קלאנג איבערנ שטעטל צעטראָגנ און צווישנ די בערג געבליבנ הענגענ. זאוואָדישע איַנוווינער האָבנ זיכ איבערגעקוקט, פארוווּנדערט. מ'האָט דערזענ: אדעלע, דזשאנעס פרוי, שטייט אפ דער שוועל פונ גרויסנ הילצערנעמ באראק, האלט א גלאָק אינ האנט און קלינגט.

באלד האָבנ די אויסלענדער זייערע ארבעט-געציַיג צונויפגעוואָרפנ אינ איינ אָרט. מע איז צו צומ טיַיכל זיכ וואשנ. דערנאָכ איז מענ דורכ דער לאכנדיקער שערענגע מענטשנ דורכגעגאנגענ. אדעלע איז זיי נעלאָפנ אנטקעגנ.

— דאָס עסנ שטייט שוינ אפנ טיש, כאווײרים!

אדלער, א קוטשעראווער שווארצער יונג מיט אויגנ ווי אָנגעגליטער שטאָל איז געגאנגענ גליַיכ אפנ לאכנדיקנ אוילעמ אזוי, אז זיי האָבנ געמוזט אָפטרעטנ דעמ וועג.

יונגע קאזאטשקעס האָבנ זיכ אזש גערויטלט.

— איש קראסאוויצ!

און אלטע האָבנ מיט באהאלטענער טיַוועע געוואָרטשעט.

— אכ זווערועא...

— זיי כויזעקנ פונ אונדז—האָט א זאָג געטאָנ געראמאנ.

— און מע לאכט...

— זאָל מענ לאכנ—האָט דזשאנ אָפגעהאקט—לאכנ איז געזונט. נישקאָשע מ'עט זיכ צוגעוווינענ.

— נאָר ציַיט. די ציַיט וועט באוויַזנ...

---

און די קעלט האָט זיכ איַינגעכאפט ווי א גאנעוו. פארטאָג איז א קאלטער וויַסער פראָסט. באטאָג ברענט א גרויסע זונ. אפדערנאכט איז ווידער קאלט.

דאָס הויז איז פארטיק. אפ די גערטנער איז א וויַסגעפרוירענער טוי אָנגעפאלנ. די פילקאָלירקע ביימער אפ די בערג האָבנ זיכ אויכ אינ וויַסקיַיט געוויקלט. באטאָג האָבנ די בוימער פונ גרויסער זונ מיט ברוינע פלעקנ זיכ צעזשאווערט. א טרוקענער ווינט גיט אלעמאָל א פיַיפ, צעקאָכט זיכ דאָס שטילע טיַיכל...

דער זאוואָד גיט אלצ מער'ער קאלעכ. די טאָנענ פארגרעסערנ זיכ פונ טאָג צו טאָג. צומ לאגער פאָרנ אונטער פראכט־צוגנ און פארנעמענ דעמ קאלעכ, איזוועסטניאק... אינ איינעמ א טאָג האָבנ זיכ הונדערטער העק, לאָפעטעס, קירקעס—צערעדט. ארבעטער האָבנ געמאכט אנ אָנגריפ אפ דער אלטער טיַיגע. מ'האָט זיכ געדראפעט אפ די בערג, אפ די פעלדזנ. מע איז אוועק אינ וואלד. און אונטער איינעמ א בארג, האָט מענ געבויט אנ איַיזנבאנ מאגיסטראל.

בא די אויוונס און אינ די „קאריערנ", אינ וואלד און באמ טיַיכל, אומעטומ האָט א מענטש זיַינ האנט אוועקגעלייגט.

אין זאַוואָדישן שטעטל זײַנען אָנגעקומען נײַע אַרבעטער. אויסלענדער פון ליטע, פוילן, פּאַלעסטינע, אַמעריקע, אויך סאָוועטישע בירגער, איבערוואַנדערער פון אוקראַיִנע, ווײַס־רוסלאַנד, קאַווקאַז...

אַף דער גאַס האָט זיך געטומלט. ווײַסער, טרוקענער, בליאַסקענדיקער שניי האָט אונטער די פיס געסקריפּעט. די זון אַ גרויסע, אַ פײַערדיק אויג ברענט און שײַנט. פון לאַנגער שלעפּט מען צוזאַמען געצײַג: קירקעס, לאָפּעטעס, לאָמען, העק, זעגן... דושאַנפּירט זיי, די איבערוואַנדערער. שטעלט יעדעמען אַף אַ באַשטימטן אָרט. פאַרטיילט די אַרבעט.

אַ טייל רייניקן אָפּ פון שניי דעם פּלאַץ. אַ טייל נעמען גראָבן דעם פונדאַמענט. אַ טייל זעגן אַף די בערג דיביימער, צעזעגן זיי און לאָזן אַראָפּ פון די בערג אין טאָל.

נײַע אַרבעטער ערשט אָנגעקומענע אין טײַגע, אין בירעבידזשאַן, נײַע אַרבעטער פון אויסלאַנד און פון סאָוועטנלאַנד, גייען צו די בערג. מע פאַרמײַסט די קעפּ, מע זעט:

די באַרג־קייט, וואָס רינגלט אַרום דעם זאַוואָד איז אײַנגעהילט אין פּראָסטיקן נעפּל. שפּיצן ווי אָנקומענדיקע שיפן אין יאַם זילבערן זיך אָנטקעגן רויטער, גרויסער זון.

ס'קײַקלען זיך קלעצער פון באַרג אין טאָל אַראָפּ. אין די קאַריערן רעדן קירקעס. מיט בערג רעדן זיי... אין זעג־מיל פּליִען צעהאַקטע, צעזעגטע דעמבעס. די אויוונס ברענען מיט טרעסק, מיט קנאַק, מיט פּלאַמיקע קאָלירן...

אָפּדערנאָכט.

הימל—בלוי. לעוואָנע—געל. שטערן—העל. שניי—ווײַס. און אַלץ צוזאַמען אַ העלראָזע נאַכט...

אין דעם אָ, אָפּדערנאַכט, נאָך דער אַרבעט האָט מען אויסערן שטעטל שפּאַצירט. פון בערג האָבן זיך קינדער אַף שליטנס אַראָפּגעגליטשט. ברענענדיקע שטיינער זײַנען פון אויוונס מיט רויטן פלאַם אַף בערג געקראָכן. מע האָט געלאַכט. געשטיפּט, גערעדט הויך. צווישן נײַע איבערוואַנדערער האָבן אַלטע זייערע באַקאַנטע פרײַנט, כאַווײרים, געפונען.

פון לויטערן הימל גיסט מיט זון. מיט צעלעכערטע רויטע הערצער שטייען ווײַסע בערג. אין די לעכער קאַריערן שטייט דער מענטש. דער אַרבעטער, דער בירעבידזשאַנער טוישעוו, וואָס בויערט, קלאַפּט, שטעכט, ברענט, קאָכט, בויט און שאַפט.

ס'איז שפּיל פון אַרבעט.

בערג פּלאַצן. וועלדער קרעכצן. שטיינער ריידן. די סטיכיע זינגט און ברומט...

אַ נײַער קלאַנג טראָגט זיך איבער טײַגע־בערג. אַ נײַער געזאַנג. אַ קלאַפּ־געזאַנג. אַ בוי־געזאַנג. אַ שאַפּ־געזאַנג: אײַזן, שטאָל, האָלץ, שטיינער, קאַלך, ציגל... און דראָטן עלעקטרישע, דראָטן טעלעפאָנישע, דראָטן טעלעגראַפישע, דראָטן פון ראַדיאָ־אַנטענעס...

טאָג ווי נאַכט לויפן וועגעלעך אום אַף ווײַסע אײַזערנע רעלסן. אַרײַן אין קאַריער ווו מענטשן מיט קירקעס קלאַפּן אָפּ, שפּאַלטן גאַנצע פעלדזן. שפּרינגען אַרויס פולע, אָנגעלאָדענע מיט קאַלעך שטיינער. יאָגן צו די ברענענדיקע אויוונס. קערן איבער אין זיי די שטיינער. לויפן צוריק אין די קאַריערן, ווי מענטשן מיט בערג ראַנגלען זיך, ברומען ריידן, זינגען...

אין נעכט בלויע, העלע און שוואַרצע.—ברענט אָן עק הימל... ס'רײַסן זיך פלאַמען, פײַער ווי גאָלדענע פויגל. פון אויוונס אַף בערג, פון בערג אַף הימל...

א הויכער, א קרעפּטיקער. אין װאַליקעס מיט א פוטער־טולופּ גייט דזשאַן איבער די בערג. מיט א שטומען בליק כאַפּט ער ארום דעם ראַכװעסדיקן רוים.

— אָט זײַנען די גרויסע כינגאַנער בערג... װײַטער די טײַגע... דער װאַלד. דערנאָך דערפער, שטעטלעך... און אָט די אייגענע קאַלעך־בערגן!...

— רעכטס שטראָמען װאַרעמע װאַסערן!

— לינקס שלענגלט זיך דער בירע טײַך!

— אונטן—דער אייגענער קאַלעך־זאַװאָד!...

ער האָט זיך דערמאָנט דזשאַן, אין א ביכל, װאָס ער האָט אמאָל געלייענט. נאָך אין אויסלאַנד האָט ער דאָס ביכל געלייענט.—אַלבערטאָן הייסט דער ש־ײַבער פון דעם ביכל. ער באַשרײַבט—אַלבערטאָן—װיאַזוי גאָר די ערשטע איבערװאַנדערער זײַנען געקומען אין טײַגע. אין די בערג. אין בירעבידזשאַן... האָט זיך אים פאַרגעדענקט דאָס איבערגעלייענטע:

— עך װעט זײַן בירעבידזשאַן!...

און ס׳װילט זיך אים אויסשרײַען דזשאַנען:

— ס׳איז פאַראַן!

---

שטאָט בירעבידזשאַן.
קאַלעך-זאַװאָד סטאַנציע לאָנדאָקאָ.

מ. גרוביאן.

# מײַנע פענצטער הענגען אין סאָד

מע דארפ היטנ די עפל —
האָט מיט א קאלטנ לונג און לעבער
מיר א זאָג געטאָנ דער באלעבאָס.
ער איז געשטאנענ
און האָט געווישט
די שויבנ מיט דער האנט,
אפ א גאס קאפּצאָנים שלעפער
האָט ער זיכ געקלאָגט:
„וויפל איכ רייד
און עס איז ווי אינ דער וואנט“.

„איצע דעם שוסטער
זאָל איכ די נעשאָמע געבנ,
קארג איז אים אנ אומזיסטיק שטיבל
פאר פינפ און צוואנציק רובל א וואָכ,
נא דיר גאָר באָלשעוויקעס,
עס טרעפט זיי גאָרניט קיינ בראָכ“.

באנאכט בינ איכ איינמאָל
אינ סאָד געשטאנענ,
האָב איכ א וווּנדערבארע זאכ געזעהנ,
ווי פונ א שטארקנ דונער
האָבנ דיביימער
אָנגעהויבנ די צווײַגנ ברעכנ
אונטער דער לעוואָנע.
איכ האָב באלד פארשטאנענ,
אז דאָ איז עפּעס געשענ,
עס איז דעמלט דער לעצטער עפל
אפ דער ערד אראָפּ
פונ מײַנ באלעבאָס פארגעניגנ,

און ער האָט אראָפּגעלאָזן
באַ די פענצטער דעם קאָפּ
און האָט ווי א טויבער
געשוויגן.

מען דארף היטן די עפּל
האָט מיר מײַן באַלעבאָס געזאָגט
און זיך אַליין פארהיטן ניט געקאָנט.
איך וווין אין זײַן צימער,
מײַנע פענצטער הענגען אין סאָד,
קוק איך און האָב זיך דערמאָנט —

מע דארף היטן די עפּל...

מינסק. 1934.

# אז איך בין אין וואלד פארגאנגען

איזי כאריק.

* * *

וויפל לידער איך האָב שוין געלייענט,
נאָר אין אזא וואלד בין איך נאָך
קיינמאָל ניט געווען.
געוויס איז דאָ אמאָל
געבוירן געוואָרן—דער זומער דער ערשטער,
עס קען גאָר זײַן
עס איז עפּעס אנדערש, ניט קיין וואלד
און איך נאר זיך אָפּ גאָר—עפּשער.

נאָר ניין,—מיר דוכט א וואלד,
און ניט מער,
אָט שטייען ביימער
מיט איבערגעקערטע קעפּ
אין א טײַך צווישן בערג.

אביסל העכער צינדט עמעצער אָן
א לאָמפּ אין זילבער—שויבן,
צי דאָס איז גאָר די לעוואָנע,
באַם וואלד־שוימערס שטיבל
אפן דאך אויבן,
ער קען דער וואלד־שוימער שלאָפן,
ער קען ניט וויסן, וואָס מיט דער לעוואָנע
האָט זיך באַ אים אפן דאך
געטראָפן.

איכ וועל באלד צוגייג
אונ א קלאפ טאָנ מיט דער קליאמקע
פונ זײַנ טיר,
עס איז דאָס שטיבל
פונ דעמ וואלד־שוימער דאָכ לעבנ מיר.

אָט זיצט ער טאקע דער אלטיטשקער,
די באָרד זײַנע אינ פענצטער איכ זע,
כאווער, ווילט זיכ מיר זאָגנ,
פארוואָס איז אינ א זומערדיקער נאכט
אפ דײַנ קאָפּ, אפ דײַנ פּאָנעמ, אזויפיל שניי.

נאָר דאָס האָב איכ אימ ניט געזאָגט.
איכ האָב אימ נאָר געפרעגט
צי וועל איכ בא אימ קענענ
איבערשלאָפנ ביז טאָג.

איכ האָב אימ דערציילט,
אז איכ בינ אינ וואלד פארגאנגענ אליינ
אונ דאָ איז שוינ שפּעט, שטאָק־נאכט,
נאָר דאָ האָט זיכ זײַנ באָרד
אזוי בררייט אונ שיינ צעלאכט,

אז מיר האָט זיכ געדוכט
די זונ הייבט זיכ אופ איבער זײַנ קאָפּ.
עכ, לאנג וואָלט איכ נאָכ אפ אימ געוועזנ געקוקט,
ווענ איכ וואָלט זיכ באלד ניט אופגעכאפּט פונ שלאָף
— — — — — — — — — —
וויפל לידער איכ האָב שוינ געלייענט,
נאָר אינ אזא וואלד,
בינ איכ נאָכ קיינמאָל ניט געווענ.

מינסק, 22־טנ אפּרעל, 1934 י.

## בא מײַנ זיידנ אינדערהיימ.

אינ א טיפנ טאָל,
אונטער א פרעמדנ עפּל־בוימ
א ברייטנ
געדענק איכ ווי מײַנ זיידע
האָט צו דער ערד אוועקגעלייגט
די מידע פּלייצעס.

די הענט זײַנען צעוואָרפנ
געווענ,
ווי געטריקנטע קאָרע
אפ זײַנ געפאלדעוועטנ שטערנ
האָבנ זיכ צונויפגעקליבנ
זיבעציק שווערע יאָרנ.

אינ שטעטעלע, אינ דובאָווע
זײַנענ בולקעס ווײַסע געווענ
גוט געבאקנ אונ מיט ראָזינקעס
באשיט.
צוועלפער לעמפ מיט קנויטנ
אונ קאלפיקעס ווילע —
אונ בא מײַנ זיידנ אינדערהיימ
האָט מענ געגעסנ
סוכערלעכ מיט צוויט
אונ אפ דער נאכט
האָט אינ א שעלכל
געברענט אביסל בוימל.

עס ברענט אזוי טונקל
ווי ניקאָלײַקעס צורע —
האָט ער געזאָגט —
אונ ביז אינ בויכ
אינ סטרוזשקעס ליכטיקע
געשטאנענ
— עס וועט קומענ קינדער
אפ דער ערד אזא טאָג
וואָס איר וועט די שווערע צײַט
ניט וועלנ אפילע דערמאָנענ.

דעמ הובל פונ די הענט
האָט ער ניט ארויסגעלאָזט
אונ מיכ, געדענק איכ,
אלצ געלערנט,
אז צײַטנ בײַטנ זיכ,
אונ וװינטנ אנדערע
וועלנ אפ דער ערד
נאָכ בלאָזנ,
מע דארפ נאָר שוואכער
בא זיכ ניט ווערנ.

פונ דעמלט אָנ
פונ זינט איכ געדענק
ווי מײַנ זיידע
האָט אוועקגעלייגט צנ דער ערד
די פלייצעס די מידע
וויקלט זיכ פאר מײַנע אויגנ
א דערמאָנונג, ווי א שווארצע פאָנ
אונ אינ הארצנ
צינדנ אָנ זיכ
הונדערט טויזנט לידער.

# א דאָרעמדיקע ליד

פונ קרימער ציקל.

אוי האָט ער געזונגענ
דער פריילעכער ארמענער —
זאנגענזור [1]),
דער יאם איז פונעם הימל
געווענ אסאכ שענער —
זאנגענזור.
יאלטע האָט ארויסגעשיקט
מעוועס אונדז אנטקעגנ —
זאנגענזור,
דערלאנגט אהער א הארפע
מיר האָבנ ניט קיינ ברעגנ —
זאנגענזור.
מיר האָבנ די פיס אינ א טאנצ צעמישט —
זאנגענזור.
שווארצע דעלפינענ אונ זילבערנע פיש —
זאנגענזור.
ס'איז שטיל דער יאם אונ ערנסט —
זאנגענזור.
עס מישנ זיכ איבער אינ הימל די שטערנ —
זאנגענזור.

מינסק, 1934 י.

---

אנגענזור—א נאָמען פונ א בארגיקנ קאנט אינ ארמעניע.

בערל קונ

# פונ I צום III אינטערנאַציאָנאַל

פונ אַלע אָרגאַניזאַציעס פונ צווישנפעלקערלעכנ פראָלעטאַריאַט האָט בלויז איינע דאָס רעכט צו באַערנ דעמ אָנדענק פונ דער צווישנפעלקערלעכער אַרבעטער-געזעלשאַפט, אַלס דעמ אָנדענק פונ איר פאָרגייער. דאָס דאָזיקע רעכט האָט בלויז דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל.

דער נאָכמילכאָמעדיקער 2-טער אינטערנאַציאָנאַל פּרעטענדירט אפילע ניט אפ דאָס דאָזיקע רעכט. אָבער דער פאַרמילכאָמעדיקער 2-טער אינטערנאַציאָנאַל האָט מיט 20 יאָר צוריק, אינ 1914 י., ווענ עס האָט זיכ דערנעענטערט דער 50-טער יאָרטאָג, זינט עס איז געגרינדעט געוואָרנ דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַל, געגרייט זיכ צונויפרופנ א פייערלעכנ קאָנגרעס פונ אַלע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטייענ, קעדיי צו פייערנ דעמ דאָזיקנ יאָרטאָג. דער קאָנגרעס איז ניט פאָרגעקומענ.

וועגנ דעמ דאָזיקנ קאָנגרעס, וואָס האָט געזאָלט פאָרקומענ, האָט דער צענטראַל-אָרגאַנ פונ דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, דער „פאָרווערטס“, געשריבנ:

„אונדז ווייַזט זיכ אויס, אז דער 50-טער יאָרטאָג פונ דער גרינדונג פונעמ אינטערנאַציאָנאַל פאַלט צונויפ מיט א נייַער צעגראָמירונג פונ דעמדאָזיקנ פאַרבאַנד, צי איז דענ ניט אזוי געווענ אויכ דאָס ערשטע מאָל, ווענ די מילכאָמע צווישנ דייַטשלאַנד אונ פראַנקרייַכ האָט מיטגעבראַכט צומ פאַנאַנדערלאָזנ דעמ אינטערנאַציאָנאַל?“ („פאָרווערטס“ פאַרנ 27-טנ סעפּטיאַבער 1914 י.).

דער צענטראַל-אָרגאַנ פונ דער פירנדיקער פּאַרטיי פונ צווייטנ אינטערנאַציאָנאַל האָט אויכ דאָס מאָל פאַר קיינ פאַל זיכ ניט געקענט באַגיינ אָנ א היסטאָרישער פאַלסיפיקאַציע. ער האָט אפילע געמוזט קאָנסטאַטירנ, אז „די פּאָליטיק פונ די דייַטשישע אונ פראַנצויזישע סאָציאַליסטנ איז אינ דער דאָזיקער שווערער צייַט (ד. ה. אינ דער צייַט פונ דער פראַנצויזיש-פּרייַסישער מילכאָמע — ב. ק.) צונויפגעפאַלנ“, אָבער דערבייַ האָט ער פאַרשוויגנ אינ וואָס איז באַשטאַנענ דאָס דאָזיקע צונויפפאַלנ. עס איז באַשטאַנענ טאַקע אינ דעמ, וואָס סייַ די פראַנצויזישע, סייַ די דייַטשישע סאָציאַליסטנ האָבנ צוזאַמענ געקעמפט קעגנ דער אייגענער בורזשואַזיע. דורכפירנדיק א ניט באַרעכטיקטע אַנאַלאָגיע אינ דער לאַגע אונ אויפירונג פונ ערשטנ אונ צווייטנ אינטערנאַציאָנאַל אינדערצייַט פונ דער מילכאָמע, האָט „פאָרווערטס“ פאַרשוויגנ וועגנ דעמ, אז די פּאָליטיק פונ די פּאַרטייענ פונ צווייטנ אינטערנאַציאָנאַל איז, אינ אונטערשייד פונ די פּאַרטייענ פונ ערשטנ אינטערנאַציאָנאַל, צונויפגעפאַלנ בייַס דער מילכאָמע בלויז אינ איינ זאַכ! אינ דעמ, וואָס זיי אַלע, אויסער דער פּאַרטיי פונ די רוסישע באָלשעוויקעס, האָבנ אפ דעמ אָדער יענעמ אויפנ און-

טערגעהאלטנ די מיליטערישע פאָליטיק פונ זייערע פאָטערלענדישע אימפעריאַליסטנ אָדער ניט געגעבנ איר קיינ רעוואָליוציאָנערנ ווידערשטאנד.

ניינ, ניט די מילכאָמע איז געווענ די סיבע פונ דער פאנאַדערפאלונג פונ ערשטנ אינטערנאציאָנאל. אָבער דער יובילייִ־קאָנגרעס פונ צווייטנ אינטערנאציאָנאל האָט ניט געקענט פאָרקומענ אויכ ניט צוליב דער מילכאָמע. די רעלעגאטנ פונ די סאָציאַל־דעמאָקראטישע פארטייענ האָבנ ניט געקענט קומענ אפנ קאָנגרעס גאָרניט צוליב דעם, וואָס די פראָנטנ פונ די קעמפנדיקע ארמייענ האָבנ זיי פארצאמט דעם וועג. די געשיכטע פונ דער גרינדונג פונ 3-טנ אינטערנאציאָנאל האָט באוויזנ, אז קיינע דראָט-פארצאמונגענ פונ די אימפעריאַליסטישע פראָנטנ, קיינע סאניטארע קאָרדאָנענ קעגנ די באצילנ פונ דער באָלשעוויסטישער רעוואָליוציע האָבנ ניט געקענט אָפּהאלטנ די רעוואָליוציאָנערע קעמפער פאר דער צווישנפעלקערלעכער פאראייניקונג פונ די קרעפטנ פונ פראָלעטאריאט. מיט 20 יאָר צוריק האָבנ די סאָציאַל־דעמאָקראטישע פארטייענ ניט געקענט פייערנ דעם 50־טנ יאָרטאָג פונ ערשטנ אינטערנאציאָנאל גאָרניט דערפאר, ווייל פאר זיי זײַנענ געווענ פארמאכט די וועגנ. ניט אינ די וועגנ האָט זיכ געהאנדלט, נאָר אינ דער אָפּוועזנהײַט פונעם ווילנ צו קעמפנ קעגנ דער אייגענער בורזשואזיע, אינ דער אָפּוועזנהײַט פונעם ווילנ צו דער צווישנפעלקערלעכער אייניקייט אינ קאמפ פונ דעם פראָלעטאריאט, אינ דער אָפּוועזנהײַט פונעם ווילנ צום רעוואָליוציאָנערנ קלאסנ־קאמפ לויט די געבאָטנ פונ ערשטנ אינטערנאציאָנאל, פונעם אינטערנאציאָנאל פונ מארקסנ אונ ענגעלסנ. דער אָפּאָרטוניזם, וועלכער האָט צעפרעסנ דעם צווייטנ אינטערנאציאָנאל שוינ אינ פרידנ־צייט, דער אָפּאָרטוניזם, וואָס האָט זיכ אינ זײַנ ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פארוואנדלט אינ סאָציאַל־שאָוויניזם, אינ סאָציאַל־אימפעריאַליזם, האָט דערשטיקט דעם ווילנ פונ די סאָציאַל־דעמאָקראטישע פארטייענ צום קאמפ. דער בונד מיט די פאָטערלענדישע אימפעריאַליסטנ, וועלכנ די סאָציאַל־דעמאָקראטישע פארטייענ האָבנ געשלאָסנ אינ טיל פונ אלע מילכאָמע־פראָנטנ, האָט בא זיי אָפּגענומענ די מעגלעכקייט צו פײַערנ ווי געהעריק דעם אָנדענק פונ רעוואָלוציאָנערנ אינטערנאציאָנאל. אָנשטאָט צו אופלעבנ דעם גײַסט פונ ערשטנ אינטערנאציאָנאל אפנ יובילייִ־קאָנגרעס, האָבנ די סאָציאַל־דעמאָקראטנ מיטנ מויל פונ זייער טעאָרעטיקער קאוטסקענ געהאלטנ א רעקוויעם־וואָרט דעם 2-טנ אינטערנאציאָנאל:

„דער אינטערנאציאָנאל... קענ ניט זײַנ קיינ ווירקזאמער אינסטרומענט אינדערצײַט פונ א מילכאָמע, ער שטעלט מיט זיכ פאָר, אינ גרונט גענומענ, אנ אינסטרומענט פונ שאָלעמ" („נײַע צײַט", 39-טער יאָרגאנג, באנד 1, זײַט 242).

אפ די רויִנעס פונ צווייטנ אינטערנאציאָנאל האָט לענינ אופגעהויבנ די פאָנ פונ מארקסנ אונ ענגעלסנ. אינ נאָמענ פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי האָט ער זיכ געווענדעט צו די ארבעטער פונ דער גאנצער וועלט, וועלכע האָבנ געשאָסנ איינע די אנדערע אפ די פראָנטנ פונ דער אימפעריאַליסטישער מילכאָמע, מיט א רופ, מיט וועלכנ עס פארענדיקט זיכ סײַ דער „קאָמוניסטישער מאניפעסט", סײַ דער גרינדונג־מאניפעסט פונ 1־טנ אינטערנאציאָנאל,—מיטנ רופ,—פראָלעטאריער פונ אלע לענדער פאראייניקט זיכ!

די דאָזיקע טעאָרעטישע אונ פראקטישע יערושעשאפט צווישנ דעם 1־טנ אונ 3־טנ אינטערנאציאָנאלנ האָט געפונענ אנ אויסדרוק אויכ אינ דעם סטאטוט פונ קאָמינטערנ.

„דער 3־טער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל, וואָס איז געגרינדעט געוואָרנ אינ מארט 1919 י. אינ דער הויפּטשטאָט פונ דער רוסישער סאָציאַליסטישער פעדעראטיווער סאָוועטישער רעפּובליק אינ דער שטאָט מאָסקווע,—ווערט געזאָגט אינ ערשטנ סטאטוט פונ קאָ־

מינטערנ, וואָס איז אויסגעארבעט געוואָרנ מיט לענינס דירעקטנ אָנטייל,— האָט פאַרלעכ דערקלערט פאר דער גאנצער וועלט, אז ער נעמט אפ זיכ צו פאָרזעצנ אונ פארענדיקנ די גרויסע זאכ, וועלכע עס האָט אָנגעהויבנ די ערשטע צווישנפעלקערלעכע ארבעטער־געזעלשאפט...

די אימפעריאַליסטישע מילכאָמע האָט באזונדערס ענג פארבונדנ דעמ גורל פונ די ארבעטער פונ איינ לאנד מיטנ גורל פונ די פראָלעטאריער פונ א"ע לענדער. די אימפעריאַליסטישע מילכאָמע האָט באשטעטיקט אנ איבעריקנ מאָל דאָס, וועגנ וואָס עס האָט זיכ גערעדט אינ סטאטוט פונ ערשטנ אינטערנאציאָנאל: באפרייַענ די ארבעטער איז אנ אופגאבע ניט קיינ אָרטיקע אָדער נאציאָנאלע, נאָר אנ אופגאבע א צווישנפעלקערלעכע". [1]

אינ דער נייַער היסטאָרישער עפּאָכע, ווענ דער קאפיטאליזמ אינ זייַנ אנטוויקלונג איז ארייַנ אינ זייַנ העכסטער אונ לעצטער סטאדיע, אינ דער סטאדיע פונ אימפעריאַליזמ, איז באזונדערס אקטועל געוואָרנ די אופגאבע, וואָס איז אוועקגעשטעלט געוואָרנ אינ „גרינדונג־מאניפעסט" פונ 1־טנ אינטערנאציאָנאל „דעראָבערנ די פּאָליטישע מאכט איז געוואָרנ... דער גרויסער פליכט פונ ארבעטער־קלאס". אינ דערדאָזיקער עפּאָכע האָט די צאָל פונ ארבעטער־קלאס (אונ אינ „גרינדונג - מאניפעסט" ווערט געזאָגט, אז די צאָל איז אנ עלעמענט פונ דערפאָלג) דערגרייכט אנ אומגעהויערע גרויס; אינ דערדאָזיקער עפּאָכע איז אינ א קאָלאָסאלנ מאסשטאב אויסגעוואקסנ אויכ די אָרגאניזירטקייַט פונ דעמ אינ צאָל מעכטיקנ ארבעטער־קלאס. דעמדאָזיקנ אינ צאָל מעכטיקנ, אינעמ אינטערנאציאָנאל אָרגאניזירטנ, ארבעטער־קלאס האָט אויסגעפעלט א דריטער וויכטיקסטער עלעמענט פונ דערפאָלג—דער רעוואָליוציאָנערער מארקסיזמ, וועלכנ ס׳האָבנ פארטריבנ די פירער פונ די סאָציאַל־דעמאָקראטישע פארטייענ. אונ אינ דער דאָזיקער עפּאָכע, אפ דעמ דאָזיקנ היסטאָרישנ קער־פונקט האָט זיכ פארענדיקט דער היסטאָרישער טערמינ פונ דער עקזיסטענצ פונ צווייטנ אינטערנאציאָנאל.

די צעפאלונג פונ דער צווישנפעלקערלעכער ארבעטער־געזעלשאפט האָט ניט באטייַט קיינ אלגעמיינע מאפּאָלע פונ מארקסיזמ, פונ דער אידייִשער ריכטונג אינ דער ארבעטער־באוועגונג, וואָס איז געווענ דער הענעמאָנ אינעמ 1 טנ אינטערנאציאָנאל. די דאָזיקע צעפאלונג באווייַזט בלויז, אז די געמיינזאמע עקזיסטענצ אינ איינ אָרגאניזאציע פונ די אָנהענגער פונ מארקס סאָציאַליזמ מיט די אָנהענגער פונ די פארמארקסיסטישע סאָציאַליסטישע שטרעמונגענ, דאָס צוזאמענלעבנ אינ איינ אָרגאניזאציע פונ די פאָרשטייער פונ די „אלרעטנדיקע" סעקטאנטישע טעאָריעס, וועלכע האָבנ געבויט זייער קלוימערשטיקע רעוואָליוציאָנערישקייַט ניט אפנ קלאסנ־יעסאָד,—איז געוואָרנ ניט מעגלעכ.

מארקס האָט אויסגענוצט אינ ערשטנ אינטערנאציאָנאל אלע עלעמענטנ פונ דער ארבעטער־באוועגונג, וועלכע האָבנ כאָטש אינ א וועלכער ניט איז מאָס געקענט צונוצ קומענ אינ קאמפּ פאר צעשטערנ די בורזשואזע געזעלשאפט: ער האָט צונויפגעקליבנ סייַ די פרודאָניסטנ, סייַ די באקוניסטנ, סייַ די בלאנקיסטנ אונ טרעדיוניאָניסטנ, סייַ די ארבעטער פונ אנדערע ריכטונגענ, וועלכע האָבנ זיכ נאָכ געוואקלט צווישנ דער ארבעטער־דעמאָקראטיע אונ דעמ בורזשואזנ ליבעראליזמ. אָבער ווענ די דאָזיקע אָרגאניזאציע האָט פּאָליטיש אָפּגעלעבט, ווענ זי איז געוואָרנ א שטערונג אפנ אנטוויקלונג־וועג פונ פּאָליטישנ קאמפּ פונעמ ארבעטער־קלאס, ווענ זי איז געוואָרנ א טאָרמאז באמ פארשפּרייטנ אינדערברייט די

[1] צווייטער קאָנגרעס פונ קאָמינטערנ. ז. 535. פארטפארלאג 1934 י.

קלאַסעווע, ד. ה. די מאַרקסיסטישע באַוועגונג, האָט מאַרקס געקענט אָנ וואַקלונגענ מאַכנ די נייטיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע אויספירנ. ער האָט געקענט באַזײַטיקנ די אָפּגעלעבטע אָר־גאַניזאַציאָנעלע פאָרמ, קעדיי צו אָפּרייניקנ א וועג פאַר דער אַנטוויקלונג פונ איר אידייִשנ אינהאַלט. ער האָט עס געטאָנ טאַקע דערפאַר, ווײַל צוזאַמענ מיט ענגעלסנ האָט ער שטענ־דיק געהאַלטנ דעמ אינטערנאַציאָנאַל סײַ פאַר א רעוואָליוציאָנערע, סײַ פאַר א מאַסעווע אָרגאַניזאַציע, און די קעגגער פונ מאַרקסיזמ, די באַקוניסטנ און אַנדערע, האָבנ געשטערט דער אַנטוויקלונג פונ דעמ ערשטנ אינטערנאַציאָנאַל סײַ אינ הינזיכט פונ זײַנ רעוואָליוציאָנערישקײַט, אַזוי אויכ אינ הינזיכט פונ מאַסעוודיקײַט.

מאַרקס און ענגעלס האָבנ געהאַלטנ די גאַנצע צײַט, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל האָט אפילע נאָכ זײַנ פאַקטישנ סאָפ ניט געקענט שטאַרבנ און איז ניט געשטאָרבנ, טראָצ די פאַרזיכערונגענ פונ די אָפּאָרטוניסטנ פונ רעכטס און פונ לינקס. מאַרקס האָט באַהויפּטעט, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל ענדערט בלויז די פאָרמ, אָבער די צווישנפעלקערלעכע אַרבע־טער־באַוועגונג איז ניט געשטאָרבנ, נאָר זי אַנטוויקלט זיכ ווײַטער אינ באַזונדערע לענ־דער, ווו עס וואַקסנ רעוואָליוציאָנערע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייענ.

אָבער ווענ מאַרקס און ענגעלס האָבנ, נאָכ דער צעפאַלונג פונ 1־טנ אינטערנאַציאָנאַל, דערזענ, אַז עס זײַנענ נאָכ ניט רײַפ געוואָרנ די פאָרהאַנאָכעס אינ שאַפנ אַזא רעוואָליו־ציאָנערע צווישנפעלקערלעכע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל זיכ אָנשפּאַרנ אָנ די מאַסנ־פּאַרטייענ אינ נאַציאָנאַלנ מאַסשטאַב,— האָבנ זיי זיכ אַנטשיידנ אַרויסגעזאָגט קעגנ פריצײַטיק שאַפנ א נײַעמ אינטערנאַציאָנאַל.

אינ עטלעכע יאָר אַרומ נאָכ דער צעפאַלונג פונעמ ערשטנ אינטערנאַציאָנאַל האָבנ די אַלטע קעמפער פונ דער צווישנפעלקערלעכער אַרבעטער-געזעלשאַפט און אויכ די נײַע טוער פונ דער אַרבעטער־באַוועגונג אָנגעהויבנ שטעלנ די פראַגע וועגנ שאַפנ א נײַעמ אינ־טערנאַציאָנאַל. דער האָלענדישער סאָציאַליסט דאָמעלאַ־ניוּווענגויס (וועלכער איז שפּעטער געוואָרנ אַנ אַנאַרכיסט) האָט אינ יאַנוואַר 1881 י. זיכ געווענדעט צו מאַרקסנ מיט א פראַגע בענעגייע דעמ צווישנפעלקערלעכנ קאָנגרעס, וואָס האָט געזאָלט פאָרקומענ אינ ציוריכ. לויט דער מיינונג פונ דעמעלאַ־ניוּווענגויסנ און פונ זײַנע פרײַנט וואָלט מענ אָפּ דעמ דאָזיקנ קאָנגרעס געדאַרפט אַוועקשטעלנ אַזא פראַגע:

„וועלכע געזעצנ וואָלט מענ געדאַרפט אַרויסגעבנ און וועלכע טייקפּ אָפּשאַפנ סײַ אינ פּאָליטישנ, סײַ אינ עקאָנאָמישנ געביט, קעדיי צו זיכערנ דעמ זיג פונ סאָציאַליזמ, ווענ די סאָציאַליסטנ וואָלטנ אָפּ וועלכנ ניט איז אויפנ געקומענ צו דער מאַכט?" די שטעלונג פונ דער פראַגע גופע האָט באַוויזנ, אַז דאָס צונויפרופנ דעמ צווישנפעלקערלעכנ קאָנגרעס און די איניציאַטיוו צו שאַפנ א נײַעמ אינטערנאַציאָנאַל זײַנענ אינ געגעבענעמ פאַל ניט אַרויסגעגאַנגענ ניט פונ די אָביעקטיווע רעוואָליוציאָנערע פאָרהאַנאָכעס, ניט פונ די טאָג־טעגלעכע אַקטועלע באַדערפענישנ פונ דער אַרבעטער־באַוועגונג אינ באַזונדערע לענדער.

מאַרקס האָט געהאַלטנ, אַז קעדיי צו שאַפנ א נײַעמ אינטערנאַציאָנאַל, זײַנענ נייטיק צוויי פאָרלויפיקע באַדינגונגענ: דער אָנוווּקס פונ אַנ אָביעקטיווער רעוואָליוציאָנערער סיטו־אַציע און די אָנוועזנהײַט פונ אַזוינע סאָציאַליסטישע פּאַרטייענ, וואָס וואָלטנ געקענט זײַנ דער יאָדער פונעמ אינטערנאַציאָנאַל. דעריבער האָט מאַרקס געענטפערט אָפּ דער פראַגע שאַרפ און דײַטלעכ: „לויט מײַנ מיינונג, איז דער קריטישער מאָמענט צו שאַפנ א נײַע צווישנ־פעלקערלעכע אַרבעטער־געזעלשאַפט נאָכ ניט אָנגעקומענ; דעריבער האַלט איכ, אַז אַלע אַרבעטער-קאָנגרעסנ, און אויכ די סאָציאַליסטישע קאָנגרעסנ, אָפּ וויפל זיי זײַנענ ניט

פאַרבונדנ מיט די דירעקטע באַדינגונגענ, וואָס זײַנען פאַראַנ אינ דעם אָדער יענעם לאַנד, זײַנען ניט באַר הילפלאָז, נאָר אַפילע שעדלעכ. זיי וועלנ אומפאַרמײַדלעכ אויסדריקנ זיכ אינ אומענדלעכנ איבערקײַענ אַלגעמיינע באַנאַלע „ווערטער".

דעם קריטישנ מאָמענט, ווענ עס האָבנ געדאַרפט רײַפ ווערנ די באַדינגונגענ אַפ שאַפנ א נײַעמ אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל, האָבנ מאַרקס אונ ענגעלס דערוואַרט אינ דער ערשטער ריי פונ דער רעוואָליוציע אינ רוסלאַנד. „דער אַוואַנגאַרד פונ דער רעוואָליוציע, — האָט געשריבנ ענגעלס וועגנ רוסלאַנד צו זײַנ אַלטנ פרײַנט בעקער פונ דער שווייצ, —קלײַבט זיכ אַרײַנצומישנ זיכ אינעם געשלעג" אונ ווײַטער האָט ער געשריבנ וועגנ דער אומפאַרמײַדלעכער אָפווירקונג פונ דער דאָזיקער רעוואָליוציע אַפ דײַטשלאַנד. „דאַנ, — האָט געשריבנ ענגעלס אינ זײַנ אונ מאַרקס נאָמענ, — וועט אָנקומענ א מאָמענט פונ א גרויסער מאַניפעסטאַציע אונ פונ שאַפנ אַנ אָפיציעלנ אויסגעפאָרמירטנ אינטערנאַציאָנאַל, וועלכער קענ שוינ ניט זײַנ קיינ געזעלשאַפט פונ פראָפּאַגאַנדע, נאָר קענ בלויז זײַנ א געזעלשאַפט פונ טאַט".

דער 2־טער אינטערנאַציאָנאַל איז ניט געשאַפנ געוואָרנ בא אַזוינע באַדינגונגענ אונ איז ניט געוואָרנ דער אינטערנאַציאָנאַל, וועלכנ ס'האָבנ געוואָלט מאַרקס אונ ענגעלס, וועלכע האָבנ געהאַלטנ, אַז דער צוקונפטיקער אינטערנאַציאָנאַל וועט, נאָכ דער צעפאַלונג פונ דעם ערשטנ, זײַנ א קאָמוניסטישער.

דער 2־טער אינטערנאַציאָנאַל איז געשאַפנ געוואָרנ אינ אַנדערע באַדינגונגענ ווי די, וועלכע עס האָבנ זיכ פאָרגעשטעלט מאַרקס אונ ענגעלס. ער איז געשאַפנ געוואָרנ אינ א פעריאָד א פאַרהעלטנסמעסיק „פרידלעכנ", נאָכ דעם, ווי עס האָבנ זיכ געענדיקט די בורזשואַזע רעוואָליוציעס אַפ מײַרעוו אונ ביז דער אויפוואַכונג פונ די מיליאָניקע מאַסנ פונ די מיזרעכ־פעלקער, ווענ אַפנ האָריזאָנט האָבנ זיכ נאָכ ניט אָנגעצייכנט קיינ גרויסע געזעלשאַפטלעכע אויפטרייסלונגענ. ער איז געשאַפנ געוואָרנ ניט אַזוי, ווי עס האָט זיכ געוואָלט ענגעלסנ, ניט ווי א ריינ קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל, נאָר פונ צוויי ריכטונגענ אינ דער אַרבעטער־באַוועגונג: פונ מאַרקסיסטנ אונ פונ פאָרשטייער פונ דער אָפּאָרטוניסטישער שטרעמונג, די אַזויגערופענע פּאָסיביליסטנ (ענגעלס האָט דערבײַ געהאַלטנ, אַז אויכ די מערהײַט מאַרקסיסטנ קענענ אָנגערופנ ווערנ מיט דעם נאָמענ בלויז נאָכ ווי עס איז, בלויז אינ פאַרגלײַכ מיט די פּאָסיביליסטנ; זע דעם בריוו פונ ענגעלסנ צו זאָרגע). ענגעלס האָט זיכ באַצויגנ סקעפּטיש ניט נאָר צו דער פאַראייניקונג מיט די פּאָסיביליסטנ, נאָר אויכ צו דער אויפירונג פונ די מאַרקסיסטנ אינ דער דאָזיקער פאַראייניקונג. אינ זײַנ בריוו צו זאָרגע זאָגט ער:

„אַפ ביידע קאָנגרעסנ איז, פאַרשטייט זיכ, פאַראַנ פיל ליגנ וועגנ דער צונויפגיסונג. די אויסלענדער ווילנ צונויפגיסנ זיכ, די פראַנצויזנ האַלטנ אָפּ פונ דעם אינ ביידע פאַלנ. א צונויפגיסונג בא נאַציאָנאַלע באַדינגונגענ — זייער גוט, אָבער דאָס ליגנ זאָגנ באַשטייט אינ דעם, וואָס אונדזערע שרײַענ וועגנ א צונויפגיסונג אום יעטווידער פרײַז.

דאָס שאַפנ דעם 2 אינטערנאַציאָנאַל איז, ניט געקוקט אַפ דעם, געווענ אַנ אומבאַשטרײַטבאַרער זיג פונעם מאַרקסיזם. דער דאָזיקער זיג איז באַשטאַנענ, אינ דער ערשטער ריי, אינ דעם, וואָס די גאַנצע צווישנפעלקערלעכע אַרבעטער־באַוועגונג האָט אָנערקענט די נויטיקײַט פונ פּאָליטישנ קאַמפ; פונ דער צווייטער זײַט, איז דער נײַער אינטערנאַציאָנאַל געשאַפנ געוואָרנ פונ די מאַסנווע אַרבעטער־פּאַרטייענ אינ באַזונדערע לענדער. אויב ענגעלס האָט נאָכנ בריוסעלער קאָנגרעס פונ 2־טנ אינטערנאַציאָנאַל עטוואָס געענדערט צו בעסער זײַנ באַציִונג צו אים, איז בלויז דערפאַר, ווײַל דער בריוסעלער קאָנגרעס האָט ענדגילטיק

צערייסן מיט די אנארכיסטן און ווײַל ביים דעם דאָזיקן קאָנגרעס האָבן די ענגלישע טרעד־יוניאָנען,—ווידאָזיקע גרויסע מאסן־אָרגאניזאציעס,—זיך דערנעענטערט, כאָטש מיט וואקלונגען, צום 2־טן אינטערנאציאָנאל. אין זײַן בריוו צו לאפארגן שרײַבט ענגעלס:

„דער קאָנגרעס האָט גוט געטאָן, וואָס ער האָט געשטימט פאר אויסשליסן די אנארכיסטן: דער אלטער אינטערנאציאָנאל האָט דערמיט פארענדיקט, דער נײַער—הייבט אָן פון דעם. דורך דעם גופא איז אין 19 יאָר ארום געגעבן געוואָרן א קלאָרע און פּאָשעטע באַשטעטיקונג די רע אָליוציעס פון האאגער קאָנגרעס.

ניט ווייניקער וויכטיק איז דאָס, וואָס עס זײַנען ברייט געעפנט געוואָרן די טירן פאר די ענגלישע טרעדיוניאָנען. דער דאָזיקער שריט זאָגט איידעס וועגן דעם, ווי גוט מע האָט פארשטאנען די סיטואציע. און די באשלוסן, וועלכע האָבן פארבונדן די טרעדיוניאָנען „מיטן קלאסן־קאמף און מיטן אָפּשאפן געדונגענע ארבעט" באווײַזן, אז פון אונדזער זײַט זײַנען ניט געמאכט געוואָרן קיינע האנאָכעס".

ענגעלס האָט געהאלטן, אז „די אייראָפּעיִשע ארבעטער זײַנען ענדגילטיק ארויס פון פעריִאָד, ווען עס האָט געהערשט די קליינגעגדיקע פראזע און אז זיי גיבן זיך אָפּ א רעכענונג אין דער פאראנטוואָרטלעכקײַט, וועלכע זיי טראָגן: זיי זײַנען א קלאס, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט אין א פארטיי פון „קאמף", א פארטיי, וואָס רעכנט זיך מיט „פאקטן" און די פאקטן נעמען אָן אלץ מער א רעוואָליוציאָנערן כאראקטער".

אויב פון דעם דאָזיקן שטאנדפונקט איז דאָס שאפן פון צווייטן אינטערנאציאָנאל געווען א טראָט פאָרויס אין באצוג צום 1־טן אינטערנאציאָנאל, זײַנען די אָנפירער פון 2־טן אינטערנאציאָנאל גלײַך אפּגעטראָטן פון די פרינציפּן, אָפ וועלכע עס האָט זיך געבויט דער 1־טער אינטערנאציאָנאל. דעם דאָזיקן צוריקטריט האָט צום ערשטן מאָל אויסגעדריקט ווילהעלם ליבקנעכט, וועלכער האָט דערקלערט אפן גרינדונג־קאָנגרעס פון 2־טן אינטערנאציאָנאל אין פאריז: „די אינטערנאציאָנאלע ארבעטער־באוועגונג איז אריבערגעוואקסן די ראמען פון איין איינהייטלעכער אָרגאניזאציע".

דאָס איז געווען א צוריקטריט ניט נאָר פון מארקס האנאָכע, אז דער אינטערנאציאָנאל קען ניט זײַן קיין פּאָשעטער פּאָסט־קאסטן; דאָס איז געווען א צוריקטריט פונעם פרינציפּ פון ערשטן אינטערנאציאָנאל, פון פּראָלעטארישן אינטערנאציאָנאליזם, פון דער איינהייטלעכער טעאָריע און טאקטיק פון דער צווישנפעלקערלעכער ארבעטער־באוועגונג. דאָס איז געווען און איז, אָן שום צווייפל, א האנאָכע דעם נאציאָנאליזם שוין בא דער אנטשטייונג פון 2־טן אינטערנאציאָנאל.

אין אָנפאנג־פעריִאָד פון דער עקזיסטענץ פון 2־טן אינטערנאציאָנאל, וואָס איז נאָך צונויפגעפאלן מיטן „פרידלעכן" עטאפ פון דער אלוועלטלעכער געשיכטע, וועלכער איז אָנגעקומען נאָך דער פראנצויזיש־פרײַסישער מילכאָמע און דער פּאריזשער קאָמונע, אין דעמדאָזיקן פרידלעכן פעריִאָד, ווען די רעוואָליוציאָנערע ווערטער האָבן נאָך ניט געקענט קאָנטראָלירט ווערן מיט רעוואָליוציאָנערע מײַסים, איז די אָנפאנגענדיקע דעגענעראציע פון 2־טן אינטערנאציאָנאל נאָך ניט ארויס אין דרויסן. אָבער נאָך דער רוסישער רעוואָליוציע פון 1905 י., ווען אפן גרונט פון דער אימפעריִאליסטישער אנטוויקלונג פון קאפּיטאליזם, האָט זיך פאנאנדערגעוויקלט די עפּאָכע פון די אימפעריִאליסטישע מילכאָמעס און פּראָלעטארישע רעוואָליוציעס, איז קלאָר געוואָרן א צווייטער נאָכמער וויכטיקער פּרינציפּיעלער צוריקטריט פונעם צווייטן אינטערנאציאָנאל פון די געבאָטן פון ערשטן. די רעוויזיע איבער מארקס לערע האָט אין דער ערשטער ריי באטײַט א רעוויזיע איבער דער טעאָריע וועגן

דער באַציִונג פונ פּראָלעטאַריאַט צו דער בורזשואַזער מעלוכע, איבער דער טעאָריע וועגנ פּראָלעטאַריש׳ער דיקטאַטור; זי האָט דעריבער באַטײַט, אז דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל האָט ארויסגעוואָרפנ די בעסטע טראַדיציעס פונ 1־טנ אינטערנאַציאָנאַל—די טראַדיציעס פונ דער פּאַריזשער קאָמונע.

ערעוו דעמ קער אינ דער אַלוועלטלעכער געשיכטע, ערעוו דער רעוואָליוציע פונ 1905 י. האָבנ אינ 2־טנ אינטערנאַציאָנאַל געקעמפט צווישנ זיכ צוויי הויפּט־שטרעמונגענ, וואָס קיינ איינע פונ זיי איז ניט געווענ קיינ קאָנסעקווענט רעוואָליוציאָנערע. דער אָנערקענטער טעאָרעטישער פירער פונ 2־טנ אינטערנאַציאָנאַל קאַוטסקי, ארויסטרעטנדיק קעגנ דעמ אָפענעמ רעפאָרמיזמ, קעגנ דער אָפענער מיטאַרבעטערשאַפט מיט דער בורזשואַזיע, איז, פונ איינ זײַט, ארויסגעטראָטנ קעגנ די אָנשויוּנגענ, לויט וועלכע די פּאָליטישע מאַכט קענ דעראָבערט ווערנ „פונ שטיקלעכ״ אונ, פונ דער צווייטער זײַט, האָט ער אינ דער קאָמיסיע פונ אמסטערדאַמער קאָנגרעס בענעגייע דער פראַגע וועגנ מיליעראַניזמ, וועגנ דעמ אָנטייל אינ דער בורזשואַזער רעגירונג צומ ערשטנ מאָל ארויסגעשטעלט דעמ טעזיס וועגנ „אויסעראָרדנטלעכע באַדינגונגענ״, בא וועלכע א סאָציאַליסט קענ ארײַנטרעטנ אינ דער בורזשואַזער רעגירונג. אַלס א בײַשפּיל פונ אזוינע אויסעראָרדנטלעכע באַדינגונגענ, האָט ער געבראַכט דאָס אָרגאַניזירנ די שוץ פונעמ פאָטערלאַנד, אינ וועמעס אינטערעסנ דער סאָציאַליסט קענ אנטיילנעמענ אינ דער רעגירונג. זשאָרעס איז בא זײַנ גאַנצנ אָפּאָרטוניזמ געווענ גערעכט, ווענ ער האָט מיט גיפט דערווידערט קאַוטסקיען: „דער מיניסטעריאַליזמ קענ ווערנ א באַשטאַנד־טייל פונ דער אָרטאָדאָקסאַלער לערע, אפ וויפל ער פלעכט זיכ איבער מיטנ נאַציאָנאַליזמ״.

צי דאַרפ מענ א בעסערנ באַווײַז וועגנ דער ריכטיקײַט פונ דער האַנאָכע פונ כ׳ סטאַלינ, אז דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל איז געווענ א בלאָק פונ פּראָלעטאַריאַט מיטנ קליינבירגערטומ, ווי די באַהויפּטונג פונ האָלענדישנ סאָציאַליסט פונ 2־טנ אינטערנאַציאָנאַל טרולסטער אפ דעמדאָזיקנ קאָנגרעס:

„ביידע ריכטונגענ (דער רעוויזיאָניזמ אונ די אָרטאָדאָקסיע) זײַנענ אינ יעדער פּאַרטיי פאַרבונדנ איינע מיט דער צווייטער אונ צוזאַמענ בילדנ זיי איר טאָכ״.

דידאָזיקע כאַראַקטעריסטיק פונ 2־טנ אינטערנאַציאָנאַל, וועלכע ס׳האָט געגעבנ איינער פונ זײַנע אָנפירנדיקע טוער, איז געווענ א ריכטיקע אונ איליוסטרירט אנ איבעריקנ מאָל די האַנאָכע פונ כ׳ סטאַלינ וועגנ דעמ, אז:

„... צווישנ מאַרקסנ—ענגעלסנ, פונ איינ זײַט, אונ לעגינענ, פונ דער צווייטער, ליגט א גאַנצער פּעריאָד פונ אומבאַגרענעצטער הערשאַפט פונ אָפּאָרטוניזמ אינ 2-טנ אינטערנאַציאָנאַל״ [1].

אויב אינ ערשטנ פּעריאָד פונ דער עקזיסטענצ פונ 2־טנ אינטערנאַציאָנאַל זײַנענ דער הויפּט־קוואַל פונ דער קליינבירגערלעכער וועלט־אָנשויוּנג אונ פונ איר אנטשפּרעכנדיקנ אָפּאָרטוניזמ אינ דער פּאָליטיק פונ 2־טנ אינטערנאַציאָנאַל,—געווענ די נײַע שיכטנ ארבעטער, די נאָר וואָס ,פּראָלעטאַריזירטע ארויסגייער פונ די קליינבירגערלעכע שיכטנ.—איז אינ צווייטנ פּעריאָד, דער דאָזיקער קוואַל געווענ שוינ די ארבעטער־אַריסטאָקראַטיע, וועמעס עקזיסטענצ—וואָס איז פריִער געווענ בלויז אנ ענגלישע דערשײַנונג—האָט זיכ פאַרשפּרייט, נאָכ דער פאַנאַנדערהייקלונג פונ דער מאָנאָפּאָליע פונ ענגלאַנד אפנ וועלט־מאַרק,

[1] סטאַלינ „פראַגנ פונ לעניניזמ״, 9-טע אויסגאַבע, ז. 11.

אפ אלע פאָרגעשריטענע קאפּיטאליסטישע לענדער. די ווערטער, וועלכע מארקס האָט געזאָגט אינ דער מאנדאט־קאָמיסיע פונ דער האאגער קאָנפערענצ פונ ערשטנ אינטערנאציאָנאל, אז די פירער פונ די ענגלישע טרעדיוניאָנעג זײַנעג אונטערגעקויפט געוואָרנ דורכ דער בורזשואזיע, האָט מענ אינ 2־טנ פעריאָד פונ דער עקזיסטענצ פונ 2־טנ אינטערנאציאָנאל געקענט זאָגנ וועגנ א גאנצער רײ אינדוסטריעל-אנטוויקלטע לענדער.

די באציִונג פונ די פארטײענ פונ 2־טנ אינטערנאציאָנאל צו דער בורזשואזער מעלוכע אונ צו דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע האָט באשטימט דעם גאנצנ גורל פונ 2־טנ אינטערנאציאָנאל. דער דאָזיקער גורל האָט זיכ אנטשײדט דעם 4־טנ אויגוסט 1914 י., ווענ די אָנפירנדיקע פארטײענ פונ 2־טנ אינטערנאציאָנאל האָבנ ניט צופעליק, ניט אינ אָרדענונג פונ צופעליקער זינד זיכ געשטעלט אפ דער זײַט פונ די אײגענע אימפעריאליסטנ אינ דער ברודער־מערדערישער אימפעריאליסטישער מילכאָמע. אינ דעם האָט ניט געקענט שטערנ אפילע דער ווילנ צו שאָלעמ אינ די סאָציאל־דעמאָקראטישע מאסנ.

אָטאָ באוער האָט אינ זײַנ בוכ „די נאציאָנאלע פראגע אונ די סאָציאל־דעמאָקראטיע" נאָכ אינ 1908 י. געשריבנ וועגנ דער רעוואָליוציע אינ פאל פונ א אימפעריאליסטישער מילכאָמע פאָלגנדיקס;

„ס'איז אָנ שום צווייפל, אז די קומענדיקע אימפעריאליסטישע וועלט-מילכאָמע וועט ארויסרופנ א רעוואָליוציאָנערע איבערקערעניש. די אימפעריאליסטישע אלוועלטלעכע קאטאסטראָפע וועט, אָנ שום צווייפל, זײַנ אנ אָנהייב פונ אנ אלוועלטלעכער סאָציאליסטישער איבערקערעניש".

אָטאָ באוער איז געווענ א גוטער נאָווי. די אימפעריאליסטישע מילכאָמע איז ווירקלעכ געוואָרנ „אנ אָנהייב פונ אנ אלוועלטלעכער סאָציאליסטישער איבערקערעניש". אָבער דער דאָזיקער אָטאָ באוער, וועלכער איז ביז איצט גרייט אייביק צו באזינגענ די פרײַהײַט פונ מיינונגענ בא דער בורזשואזער דעמאָקראטיע, וועלכער האָט אפ אוריפיל פײַנט די דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט, אז ער איז גרייט אפילע צו אנערקענענ זי אפנ וואָרט, קעדײ בעסער צו אײַנהאלטנ די ארבעטער פונעמ קאמפ פאר איר, — דערזעלבער אָטאָ באוער האָט זיכ ניט נאָר געשטעלט אפ דער זײַט פונ די אימפעריאליסטנ אינדערצײַט פונ דער מילכאָמע, נאָר האָט פונ אָנהייב אָנ פונ דער „אלוועלטלעכער סאָציאליסטישער איבערקערעניש" זיכ געפונענ אינ לאגער פונ די פארביסענע סאָנים פונ דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע.

בלויז איינ פארטיי, אינדערשפּיצ פונ וועלכער עס איז געשטאנענ דער גרעסטער פאָרזעצער פונ דער זאכ פונ מארקס־ענגעלס אונ פונ 1־טנ אינטערנאציאָנאל, בלויז לענינ אונ זײַנ פארטיי האָבנ געזענ די אומפארמײַדלעכקײַט פונ דער פאנאנדערפאלונג פונ 2־טנ אינטערנאציאָנאל אונ די וועגנ צומ נײַעמ 3-טנ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל. ווענ די שטרײַטנ ארומ די פראגנ פונ טעאָריע אונ טאקטיק זײַנענ געפירט געוואָרנ אינ צווייטנ אינטערנאציאָנאל נאָכ מיט די מיטלענ פונ אידײַישנ קאמפ, האָט לענינ פאָרויסגעזענ די קריסטאליזירונג פונ 2 ווירקלעכע פראָנטנ אינ דער ארבעטער־באוועגונג, וואָס איז נאָכ דאנ געווענ פאָרמעל אײַנהײַטלעכ. לענינ האָט געשריבנ:

„דאָס, וואָס מיר לעבנ איצט איבער אָפט בלויז אידײַיש: די שטרײַטנ קעגנ די טעאָרעטישע אויסבעסערונגענ צו מארקסנ, — דאָס, וואָס עס רײַסט זיכ איצט דורכ אינ דער פראקטיק בלויז לויט באזונדערע פריוואטע פראגנ פונ דער ארבעטער־באוועגונג, ווי די

טאַקטישע מיינונג־פאַרשידנהייטן מיט די רעוויזיאָניסטן און די שפּאַלטונגען אפן דאָזיקן באָדן,—דאָס וועט דעם ארבעטער־קלאַס אומבאדינגט אויסקומען איבערצולעבן אין ניט אין פארגלייך א גרעסערן פארנעם, ווען די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע וועט פארשארפן אלע שטרייט־פראגן, וועט קאָנצענטרירן אלע מיינונג־פארשידנהייטן אפ די פּונקטן, וואָס האָבן אן אומטילבארע באדייטונג פאר באשטימען די אופירונג פון די מאסן, וועט צווינגען אין ברען פון קאמף אָפּצוטיילן די סאָנים פון די פריינט, ארויסוואַרפן די שלעכטע פארבינדעטע, קעדיי צו געבן אנטשיידענע קלעפּ דעם סוינע[1].

ווען די פאָן פונעם פארמילכאָמעדיקן 2־טן אינטערנאציאָנאל איז פארזונקען געוואָרן אין קויט, האָט לענין און די באָלשעוויקעס שוין געהאלטן די פאָן פון 3־טן קאָמוניסטישן אינטערנאציאָנאל, ארום וועלכער עס האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפזאמלען די אלע טוער פון דער צווישנפעלקערלעכער ארבעטער־באוועגונג, וועלכע האָבן ניט מיט ווערטער, נאָר מיט מײַסים געוואָלט קעמפן און האָבן געקעמפט פאר דער גרויסער סאָציאַליסטישער איבערקערעניש.

נאָכן דער צעשפּאלטונג פון דער צווישנפעלקערלעכער ארבעטער־באוועגונג און דער צעשפּאלטונג פון די ארבעטער־אָרגאניזאציעס אין נאציאָנאלן מאסשטאב איז דער ערשטער טראָט צום שאפן די קלאסעווע און צווישנפעלקערלעכע אייניקייט פון אלוועלטלעכן פּראָלעטאריאט געווען—גרינדן קאָמוניסטישע פארטייען און א קאָמוניסטישן אינטערנאציאָנאל. די פאָרהאנאָכע צו דעם איז געווען די אָקטיאבער־רעוואָליוציע. די גרויסע אָקטיאבער־רעוואָליוציע, דאָס איינשטעלן די דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט אפ דער טעריטאָריע פון דער געוועזענער צארישער אימפּעריע האָבן געשאפן דעם „קריטישן מאָמענט", וועלכן מארקס האָט געהאלטן פאר א באדינג, קעדיי צו שאפן א נייע צווישנפעלקערלעכע ארבעטער־געזעלשאפט. א פארבאנד פון די פאָרגעשריטענע ארבעטער פון אלע לענדער מיטן פּראָלעטאריאט, וועלכער האָט געזיגט אין איין לאנד, אן אָנהויב פון קאמף פאר דער דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט אין א ריי קאפּיטאליסטישע לענדער (די רעוואָליוציעס אין דייטשלאנד, עסטרייך. אונגארן),—דאָס זיינען געווען די באדינגונגען, אפ וועלכע עס האָבן אויסגערעכנט מארקס און ענגעלס, ווען זיי האָבן געוואָלט שאפן בלויז אזא נייע צווישנפעלקערלעכע ארבעטער־געזעלשאפט, „וועלכע קען שוין ניט זיין בלויז א געזעלשאפט פון פּראָפּאגאנדע, זי קען נאָר זיין א געזעלשאפט פון טאט". די רעוואָליוציע אין רוסלאנד, איר זיג, איר אופווירקונג ניט נאָר אפ דייטשלאנד, נאָר אויך אפ אלע לענדער פון מיירעוו און מיזרעך האָבן געשאפן יענעם „קריטישן מאָמענט" אין דער אנטוויקלונג פון דער אלוועלטלעכער געשיכטע, ווען דער צווישנפעלקערלעכער פּראָלעטאריאט האָט געקענט פעסט דעראָבערן און שאפן אינעם רעוואָליוציאָנערן קאמף דעם דריטן קאָמוניסטישן אינטערנאציאָנאל.

איבערנעמענדיק פון 2־טן אינטערנאציאָנאל דאָס בעסטע, וואָס אין אים איז געווען, באזונדערס זיין מאסעוודיקייט, איז דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל ניט נאָר א היטער פון די טראדיציעס פון דער ערשטער צווישנפעלקערלעכער ארבעטער־געזעלשאפט אין געביט פון טעאָריע, פּראקטיק און אָרגא־

[1]) לענין, „מארקסיזם און רעוויזיאָניזם".

ניזאציע, נאָר אויך דער, וואָס פארענדיקט איר זאך. פונקט אזוי, ווי דער לעניניזם איז די ווײַטערדיקע אנטוויקלונג פון מארקסיזם אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם און פּראָלעטארישע רעוואָליוציעס, איז דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל ניט נאָר דער יורעש פון 1-טן אינטערנאציאָנאל נאָר אויך דער, וואָס זעצט פאָר און פארענדיקט זײַן זאך אויף דער העכסטער שטופע פון דער אנטוויקלונג פון דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער־באוועגונג. דאָס דריקט זיך אויס ניט נאָר אין דעם, וואָס דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל איז געוואָרן אן אלוועלטלעכער אינטערנאציאָנאל, צו וועלכן עס פארייניקן זיך ניט נאָר די פאָרגעשריטענע ארבעטער פון די פאָרגעשריטענע קאפּיטאליסטישע לענדער, נאָר אויך די קאָלאָניאלע און האלב־קאָלאָניאלע פעלקער, וואָס ווערן אונטערדריקט און עקספּלואטירט דורכן אימפּעריאַליזם; דאָס דריקט זיך אויס אויך אין דעם, וואָס די דריטע צווישנפעלקערלעכע ארבעטער־געזעלשאפט איז אן אָרגאניזאציע פון אומיטלבארן קאמף פאר די פּרינציפּן, וועלכע דער 1־טער אינטערנאציאָנאל האָט בלויז פּראָקלאמירט. דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל איז א פארווירקלעכונג פון יענער אלוועלטלעכער פּארטיי פון פּראָלעטאריאט, וועלכע עס האָט געדארפט זײַן, לויט דער קאָנצעפּציע פון מארקסן און ענגעלסן, דער ערשטער אינטערנאציאָנאל, מיט דעם אונטערשייד, וואָס באזירט זיך אויף באזונדערע פּארטייען און מאסן־אָרגאניזאציעס פון פּראָלעטאריאט אין מאסשטאב פון באזונדערע לענדער. דער 3-טער אינטערנאציאָנאל איז די פארווירקלעכונג פון דעם אינטערנאציאָנאל, וועגן וועלכע עס האָבן געטרוימט מארקס און ענגעלס, קעמפנדיק פאר דער העגעמאָניע פון פּראָלעטארישן קאָמוניזם, פון מארקסיזם אין דער גאנצער ארבעטער־באוועגונג און אין אלע אירע צווײַגן.

האָבנדיק אזא מעכטיקע באזע, ווי דער סאָוועטנפארבאנד מיט זײַן באָלשעוויסטישער פּארטיי, מיט זײַן סאָציאליסטישער אינדוסטריע און מיט דער גרויסער סאָציאליסטישער ערד־ארבעט, מיט זײַן רומפולער ארבעטער־פּויערישער רויטער ארמיי, האָבנדיק אינדערשפּיץ א גרויסע אָרגאניזאציע—דעם קאָמוניסטישן אינטערנאציאָנאל און זײַן פירער כ׳ סטאלין, איז דער צווישנפעלקערלעכער פּראָלעטאריאט, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט לויט ענגעלסעס ווערטער, „אין א פּארטיי פון קאמף, א פּארטיי, וואָס רעכנט זיך מיט פאקטן", געוואָרן דער גרעסטער פאקטער פון דער וועלט־פּאָליטיק. ס׳איז אָן שום צווייפל, אז די ווערטער פון „גרינדונג־מאניפעסט" פון 1־טן אינטערנאציאָנאל, וועלכע האָבן פארפליכטעט דעם צווישנפעלקערלעכן ארבעטער־קלאס „צו באהערשן די געהיימניסן פון דער צווישנפעלקערלעכער פּאָליטיק, צו נאָכשפּירן די דיפּלאָמאטישע טעטיקײַט פון זייערע רעגירונגען און אין א נויט־פאל, קעגנשטעלן זיך מיט אלע מיטלען, וועלכע זײַנען פאראן אין זײַן רשות",—וועלן אויסגעפילט ווערן, און וועלן אויסגעפילט ווערן מיט אזוינע מיטלען, וועלכע דער צווישנפעלקערלעכער פּראָלעטאריאט האָט ניט געקענט האָבן ביז דער עפּאָכע פון קאָמוניסטישן אינטערנאציאָנאל. די דערפארונג פון דער געשיכטע פון דער גאנצער צווישנפעלקערלעכער ארבעטער־באוועגונג, באזונדערס די דערפארונג פון פּעריאָד פון 2־טן אינטערנאציאָנאל און זײַן שענדלעכער קראך, האָבן געוויס אויסגעלערנט די קאָלאָסאלע מאסן פון פּראָלעטאריאט, אז ניט „די כאָכמע" פון די הערשנדיקע קלאסן, נאָר דער העלדישער ווידערשטאנד פון ארבעטער־קלאס קען שטערן דער

אימפעריאליסטישער בורזשואזיע אָנצוהויבנ אפנ רעכענונג פונ די ארבעטסדיקע א נײַע מילכאָמע פונ א ברודער קעגנ א ברודער אונ באזונדערס א קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע מילכאָמע קעגנ סאָוועטנפארבאנד.

דער קריזיס פונ נאָכמילכאָמעדיקנ 2־טנ אינטערנאציאָנאל, וועלכער איז, אינ אונטערשייד צומ קריזיס פונ פארמילכאָמעדיקנ 2־טנ אינטערנאציאָנאל, אָנגעקומענ נאָכ בײַנ אָנהויב פונ דער נײַער אימפעריאליסטישער וועלט־מילכאָמע, באווײַזט אלצ מער אונ מער אנשוילעכ, אלצ מער אונ מער ברייטערע מאסנ פונ ארבעטער קלאס, אז דער ווירקלעכער פראָלעטארישער אינטערנאציאָנאליזמ עקזיסטירט בלויז אפנ גרונט פונ רעוואָליוציאָנערנ קלאסנ־קאמפ. דער ארבעטער־קלאס פונ דער גאנצער וועלט פארווירקלעכט דעמ פראָלעטארישנ אינטערנאציאָנאליזמ, קעמפנדיק קעגנ דער בורזשואזיע אינ אייגענעמ לאנד אונ גלײַכצײַטיק קעמפנדיק קעגנ דער בורזשואזיע פונ די לענדער, וועלכע זײַנענ די געפערלעכסטע סאָנימ פונ סאָוועטנפארבאנד אונ פונ שאָלעמ. דער פראָלעטארישער אינטערנאציאָנאליזמ ווערט פארווירקלעכט דורכ פארטיידיקנ די ערשטע פראָלעטארישע מעלוכע, ווו דער ארבעטער־קלאס צוזאמענ מיטנ קאָלווירטישנ פויערטומ פארווירקלעכט טאָג־איינ־טאָג־אויס די אידעאלנ פונ די פראָלעטאריער, וועגנ וועלכע עס האָבנ אמאָל געטרוימט די ערשטע סאָציאליסטישע דענקער אונ פאר וועלכע עס קעמפט, האלטנדיק זיכ בא דער פאָרגעשריטענער טעאָריע פונ מארקסיזמ־לעניניזמ, דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער־קלאס פונ די קאפיטאליסטישע לענדער. דערדאָזיקער פראָלעטארישער אינטערנאציאָנאליזמ, וואָס איז פארקערפערט אינ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל אינ קאמפ קעגנ צוגרייטנ א נײַע אימפעריאליסטישע מילכאָמע, קעגנ די פארצווייפלטע פרווונ פונ דער בורזשואזיע צו ראטעווענ פונ אומקומ די קאפיטאליסטישע סיסטעמ, — דערדאָזיקער פראָלעטארישער אינטערנאציאָנאליזמ פונ מארקס־ענגעלס־לענינ־סטאלינ פארייניקט אינ גײַסט פונ „גרינדונג־מאניפעסט" פונ 1־טנ אינטערנאציאָנאל, די אמאָל צעשפליטערטע ארויסטרעטונגענ פונ פראָלעטאריאט אינ א מעכטיקער באוועגונג פאר באפרײַענ דעמ ארבעטער קלאס, פאר דער סאָוועטנמאכט, פאר דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט.

אפ די וועגנ פונ דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע, אפ די וועגנ פונ גרויסנ אָקטיאבער, אונטער דער אָנפירונג פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי, האָט דער ארבעטער־קלאס פונ דער געוועזענער צארישער אימפעריע בײַגעקומענ די שפאלטונג אינ דער ארבעטער־באוועגונג אונ האָט באגרינדעט אינ פײַער פונ באוואָפנטנ אָקטיאבער־אופשטאנד, זײַנ פעסטע רעוואָליוציאָנערע איינִיקײַט. אינ קאמפ קעגנ דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע, קעגנ פאשיזמ, ארומ די לאָזונגענ, וועלכע עס האָט ארויסגערוקט דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל, ווערט בײַגעקומענ די שפאלטונג אינ דער ארבעטער־באוועגונג פונ די קאפיטאליסטישע לענדער אונ דורכ דער איינִיקײַט אינ טאט ווערנ געשאפנ באדינגונגענ פאר א נײַער איינִיקײַט פונ דער ארבעטער־באוועגונג אפ א העכערער שטופע, אינ קאמפ פאר דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט, פאר דער סאָוועטנמאכט. נײַ אונ כאראקטעריסטיש אינ דער שטרעבונג פונ די ארבעטער פונ אלע לענדער צו איינִיקײַט איז דאָס, וואָס דידאָזיקע שטרעבונג צו איינִיקײַט איז ניט קיינ פּאָשעטער סענטימענטאלער טרוימ, נאָר ער דריקט אויס דעמ אקטיוונ ווילנ צו באפרײַענ זיכ פונ דער דוירעסדיקער קאפיטאליסטישער קנעכטשאפט, דעמ אקטיוונ ווילנ צו באפרײַענ

זיך פונ פארעסטערישנ רעפאָרמיזמ, צו ווערנ דער שעפער פונ דעמ אייגענעמ גורל אזוי, ווי עס איז געוואָרנ דער באַלעבאָס איבער זיינ געגנוואַרט אונ צוקונפט דער פּראָלעטאַריאַט פונ סאָוועטנפאַרבאַנד, וואָס געפינט זיך אפּ די וועגנ צו דער אָנקלאַסעווער געזעלשאַפט.

מיר האָבנ אַ פאָרגעשריטענע טעאָריע, וועלכע גיט אונדז אַ מעגלעכקייט ווי עס האָבנ געטאָנ מאַרקס־ענגעלס־לענינ אונ ווי עס טוט סטאַלינ, צו זענ וויי טע צילנ אונ טאָנ דאָס, וואָס מע דאַרפ טאָנ אינ געגעבענעמ נאָענטסטנ מאָמענט. מיר האָבנ אַ פאָרגעשריטענע אָרגאַניזאַציע, וואָס פאַרייניקט די בעסטע קעמפער פונ אַרבעטער־קלאַס. מיר האָבנ אַזאַ פירער ווי סטאַלינ. דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל אונטער סטאַלינס אָנפירונג איז, ווי עס האָט געוואָלט לענינ, דער וועג, וואָס פירט צו דער אַלוועלטלעכער סאָציאַליסטישער סאָוועטנ־רעפּובליק.

י. בראָנשטיינ

# שעפערישע פראָבלעמעס פונ דער ייִדישער סאָוועטישער פּאָעזיע [1]

## 1. אינ איבערבוי

אפ די אנטשיידנדיקסטע איבערבראָכ־עטאפּנ פונ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור איז אפּנ גורל פונ אונדזער פּאָעזיע אויסגעפאלנ דער קאָוועד אונ דער גליק צו זיינ דער גרונט־פלאצדארמ פאר די וויכטיקסטע היסטאָרישע ליטעראַרישע שטריטנ.

דאָ האָבנ מיר צומ ערשטנ מאָל געגעבנ א שלאכט דעמ ייִדישנ נאציאָנאל־דעמאָקראטיזמ אונ דעמ בורזשואַז־באלעבעסלדיקנ ייִדישנ עסטעטיזמ.

דאָ האָבנ זיכ אויסגעכאָוועט די ערשטע קאדרעג, קאָמוניסטישע אונ קאָמסאָמאָלישע שרייבער.

דאָ האָט שארפער אונ לייגנשאַפטלעכער, איידער ערגעצ ווו, געפלאקערט דער קאמפ פארנ שעפערישנ מעטאָד פונ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור, אונ וויטיקריק האָבנ זיכ געוויקלט די סטיל־זוכענישנ פונ די בעסטע אונדזערע שרייבער.

די דאָזיקע ליטעראריש־פּאָליטישע אונ אידייִש־שעפערישע שטריטנ אונ סטיל־זוכענישנ זיינענ געגאנגענ א לאנגע צייט אפ א נידעריקנ טעאָרעטישנ ניוואָ, אינ באדינגונגענ פונ ליטעראַרישער קרייזלדיקייט אונ וולגאריזאטאָרישקייט, וואָס האָט אָנגעהויבנ ווערנ באזונדערס געפערלעכ מיט עטלעכע יאָר פאר דער היסטאָרישער באשטימונג פונ צ.ק. אל.ק.פ.(ב) דעמ 23-טנ אפּרעל 1932 יאָר.

באזונדערס בולט האָט זיכ עס אויסגעדריקט אינ דער ארבעט פונ אונדזער ליטעראטור־קריטיק. די ייִדישע, מארקסיסטיש־לענינשע ליטעראטור־קריטיק האָט ווי באקאנט באדייטנדיקע פארדינסטנ פארנ וווקס פונ דער גאנצער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור אונ אויכ פאר דער פּאָעזיע. אונדזער קריטיק איז אינ מעשעכ פונ יאָרנ געשטאנענ אינ ברעג פונ פארשארפטע פּאָליטיש ליטעראַרישע אונ אידעיִש שעפערישע שלאכטנ. ס'איז גענוג צו דערמאָנענ די לייגנשאַפטלעכע דיסקוסיעס ארומ די פראָבלעמענ פונ רעאליזמ אונ סימוואָליזמ, „פראָסטע רייד" אונ פאָרמאליסטישע געצאצקלטקייט, נאציאָנאליזמ אונ אינטערנאציאָנאליזמ, פּאבלדיקייט אונ ליריש־צעפלאָסענער שטימונגעריי א. א. וו.

[1] איבערגעארבעטער פאָרטראג אפ דער 1-טער אלפאראוקראינישער בעראטונג פונ ייִדישע סאָוועטישע שרייבער

אז די דאָזיקע שטרײַטן זײַנען געווען טיף פּרינציפּיעלע און בעשום אויפן ניט קינס־
טלעכ צוגעשטוקעוועט דער פּאָעזיע זאָגט איידעס דער פאקט, וואָס די בעסטע אונדזערע
פּאָעטן האָבן זייער אקטיוו אָנטייל גענומען אין זיי, ניט בלויז מיט ליטעראריש־פּובליציס־
טישע ארויסטרעטונגען, נאָר אויכ מיט אייגנארטיקע ליטעראריש־פּאָליטישע און ליטערא־
ריש־דעקלאראטיווע אָפּווענדונגען אין די פּאָעטישע ווערק גופא. דערמאָנט זיכ כאריקס
„לידער וועגן לידער", וואָס זײַנען שוין מיט א יאָר צען צוריק געווען א היסטאָרישער
מאניפעסט פון דער ייִדישער פּראָלעטארישער פּאָעזיע, קעגנגעשטעלט דער עסטעטיק פון
ייִדישן נאציאָנאל־דעמאָקראטיזם. דערמאָנט זיכ א ריי אָזעלכע ליטעראריש־פּאָלעמישע אָפּ־
ווענדונגען בא פעפערן, וועלכע האָט אין מעשעכ פון העכער א צענדליק יאָר געפירט
א טאָג־טעגלעכן קאמף קעגן די דיכטער, וואָס „שיסן אין די הויכן". דערמאָנט זיכ דעם
אייגנארטיקן ליטעראריש־קריטישן בריוו־אויסטויש צווישן קושנעראָוון און פעפערן, געווענ־
דעט קעגן יענע „האָזן אפ אונדזער ליט־פּלאנעטע, וואָס ווילן מיט רעמאָזים פארבײַטן דאָס
קאָנקרעטע". (קושנעראָוו).

אָבער צי דען האָט ניט געקוועטשט א באדײַטנדיקע לאסט פון ליטערארישער קרײַזל־
דיקייט אפ א סאכ פון אונדז, ווען מיר פלעגן לייזן אפילע אין טאָכ ריכטיק אָט די דאָ־
זיקע פראגן!

דאָס איז געווען דאן, ווען איכ, לעמאָשל, האָב פארשמירט א ריי שווערקײַטן, וואָס
זײַנען געשטאנען און שטייען אדאיעם פאר קושנעראָוון — דעם דיכטער. דאָס איז געווען
דאן, ווען כ. דונעץ האָט איבערגעטריבן מיט לינקיסטישן אָפּנויג דעם נייטיקן קאמף קעגן
האלקינס נאציאָנאל־שאָוויניסטישע לידער. דאָס איז געווען דאן, ווען חעוויאָרקע האָט
אפילע שוין נאָכ דער באשטימונג פון צ.ק., געשריבן וועגן דעם דיכטער פיניבערג, אז
זײַן באזע איז—די באזע פון „ווערמדיקע מענטשן". דאָס איז געווען אויכ דאן, ווען צו־
ליב א פּאָר פּאָליטיש־פאלשע פאמפלעטן אין קוויטקעס א בוכ לידער האָט אונדזער קריטיק
פארזען קוויטקעס קרעפטיקן באהעפטן זיכ צו אונדזער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט.

בלויז נאָכ דער באשטימונג פון צ. ק. אל.ק.פּ.(ב) וועגן דער איבערבויונג פון ליטערא־
ריש־קינסטלערישע אָרגאניזאציעס און ליקווידירונג פון „וואַפּפּ" איז געשאפן געוואָרן יענע
אטמאָספער פון פרוכטבארער ארבעט און באזונדערס פאראנטוואָרטלעכער באציִונג צו יעדן
אופריכטיקן סאָוועטישן שרײַבער, וואָס האָט געבראכט צו גרויסע זיגן אין אונדזער ליטעראטור.

מיר האָבן געזיגט—אָט דאָס איז דאָס וואָרט מיט וועלכן מיר האָבן דאָס רעכט
אָנצוהייבן דעם פּאָרטראג וועגן אונדזער ייִדישער סאָוועטישער פּאָעזיע.

די בעסטע, די טאלאנטפולסטע, די אופריכטיקסטע סאָוועטישע שרײַבער האָבן זיכ אנט־
שיידן געשטעלט אפן וועג פון פּאָליטישער און אידעיִש־שעפערישער איבערבויונג. דערדאָ־
זיקער וועג איז נישט קיין פארקעט־וועג—ס'איז אויכ א קאָנקרעטע פאָרם פון
קלאסן־קאמף אפן איצטיקן עטאפּ. עס עקזיסטירן נאָכ די רעשטלעכ פון יענע פײַנט־
לעכע קויכעס, וואָס פּרוּוון קוועטשן אפ אונדזער ליטעראטור און פארסאמען אירע קוואלן.
די בעסטע, אופריכטיקסטע דיכטער אונדזערע פארשטייען, דעריבער, גאנץ גוט, אז דער
וועג פון איבערבויונג איז א שווערער און פאראנטוואָרטלעכער וועג. דערפאר זײַנען אזוי
ליידנשאפטלעכ און ניט זעלטן ווייטיקפול אָט די דאָזיקע פּראָצעסן.

דערמאָנט זיכ, לעמאָשל, אָן פיניבערגן, וועלכער האָט מיט א יאָר צען צוריק פאר
צווייפלט אויסגעשריִען: „א בראָכ צו אונדז, מיר זײַנען ליידיק".

א צעפּאַליעטער פון נאַציאָנאַליסטיש-ראָמאַנטישע, סימוואָלישע זעונגען האָט ער געבלאָנ־קעט אין אונדזער פּאָעזיע און געטרוימט וועגן „מילכוועג צו זײַן מירמלהיים". לייענט איצ־טער די לײַדנשאַפטלעכע שורעס פון זײַן אופגאַנג:

„ווען ס'זאָל דער פײַנט דער היגער
קריגן וואָפן,
ווען פויסט זײַנער
צו הויז מײַנעם דערגרייכט
וואָלט ער מיך אופגעהאַנגען
אַף שלאַנקן טאָפּאָל,
אַף דער קיִעווער הויך".

פיניגבערגס טראַדיציאָנעל-ראָמאַנטישע „קיִעווער טאָפּאָלן" ווערן דאָ באַלויכטן מיט גאָר אַן אַנדער שײַן — ס'ארא לײַדנשאַפטלעכע קראַפט פון קלאַסן־האַס עס שטעקט איצטער אין זיי!

פיניגבערג ווייסט שוין, אַז ער איז פעסט אײַנגעמאָנטירט מיט זײַן דיכטונג אין אונ־דזער סאָוועטישן פאָטערלאַנד, אַז די סאָנים פון אונדזער סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד זײַנען זײַנע פערזענלעכע סאָנים. די סימוואָליש ראָמאַנטישע אָנלאָדונג, מיט וועלכער פיניגבערג איז געקומען אין אונדזער ליטעראַטור פאַרשווערט אָבער פיניגבערגס גאַנג. דער זעלבער, דוכט זיך, צעפּאַליעטער ראָמאַנטיקער, אָבער גאָר פון אַן אַנדער קוואַליטעט, שפּאַנט ער אַרום איצט איבער די רישטאָוואַניעס פון אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג. ער שפּרינגט אַרום פאַרכלינעט־היספּײַלעסדיק פון איין בערגל צעמענט צום צווייטן. ער ווייסט שוין, אַ ס'איז אַנדערש, אַז ס'איז ליכטיקער, אָבער:

„נאָר דערווײַלע
זעט מען גאָרניט
איינס, נאָר זעט מען:
עס איז ליכטיק!...
איינס נאָר זעט מען:
קינדער שלאַנקע!
איינס נאָך הערט מען:
א געזאַנג גייט".

אַט אָ דער אַבסטראַקט־ראָמאַנטישער געזאַנג, אַט אָ דאָס אופּפּאַסן אונדזערווירקלעכקײַט ווי עפּעס אַ וווּנדערבאַרן ריטער, וואָס רײַט איבער לעגענדאַרישע מעדינעס און שטעט, אַט אָ דער געזאַנג „מיט פּאָליוסן, מיט טראָפּיקן, מיט אָקעאַנען", — ניט ער פאַרברייטערט דעם האָריזאָנט פונעם דיכטער, נאָר ער פאַרשמעלערט אים. פיניגבערג אַליין שרײַבט וועגן זיך, אַז „ס'פּליט אַוועק דער דיל, ס'שיטן זיך די ווענט" פון זײַן דיכטונג־וועלט. קעמפן פאַרן סאָציאַליסטישן רעאַליזם — הייסט אָבער קעמפן פאַר אַ ציל פון קאָנקרעטער רעאַלקײַט, קעמפן פאַר ווענט פון אירייִשער צעמענטירטקײַט. פיניגבערג פאַלט טאַקע אָפּט אַרונטער אונטער דער האַשפּאָע פון זײַן אייגענער פּאָעטישער ביִאָגראַפיע. דענסטמאָל

קלײדט אָנ פינינבערג זײַנע נײַע שפּירונגענ אונ אידײענ אינ בראָכװארג פונ אלטער פּאָעטיק, מיטנ גאנצנ אָנלאָד פונ פּסעװדאָ ביבלישקײַט, פונ זײַנע אמאָליקע דיכטערישע „מערינגעס“

„װער ס׳האָט ניט געזענ
מײַנ בארג־שטאָט
אינ די פײַערנ
פונ יוגנט—
דער האָט קײנמאָל
אפ זײַנ לעבנ
קײנ שום סימכע
ניט געזענ!“

אזױ שרײַבט אָפּט פינינבערג װעגנ אונדזער סאָציִאליסטישער װירקלעכקײַט, אָנקלײדנדיק זי, אינ מעטאפאָרעס פונ דער יידישער רעליגיעזער קולטור. זײער אינטערעסאנט איז, דעריבער, נאָכצושפּירנ װי פינינבערג װעט באארבעטנ די טעמע מארקס, װעלכע איז אָבער בא אים צום באדױערנ נאָכ נישט פארענדיקט.

א שװערנ װעג פונ איבערבױ מאכט אױכ דורכ דאָװיד האָפשטײנ. א רײ זײַנע לידער זאָגנ אײדעס װעגנ דעמ, אז האָפשטײנ הײבט זיכ אָנ באפרײַענ פונ זײַנ נאציִאָנאליסטישנ „גלײכגילט“, פונ דער היפּשער אָנלאָדונג רעזאָניאָרישקײַט, אינ זײַנע „פילאָסאָפישע“ לידער. האָפשטײנ געפינט אפילע בא זיכ שארפע פּאמפלעטיש גראָטעסקירטע שורעס קעגנ בארימטנ „מעפיסטאָפל“, װאָס האָט ניט װײניק קאָקעטירט אמאָל אינ האָפשטײנס דיכטונג גופע מיט „מאָנונג אונ טײַנעס“, אָבער װעלכער איז אינ טאָכ בלויז פעיִק אפ „זיכ שטעלנ אױסערדרײאיק אונ ארײַנכאפּנ א קלאפּטער האָלצ אונ ארײַנפּאקנ א זאק קארטאָפל“. האָפשטײנ אָבער באגרײַפט ניט שטענדיק דעמ טאָכ פונ איבערבױע־זיכ. גאנצ אָפט קװעטשט אפ אימ נאָכ אדאיעמ די לאסט פונ נאציִאָנאליזמ. באזונדערס אָפט װערט ער געשטרויכלט אפ דעמ, װענ ער הײבט אָנ צו באטראכטנ אזעלכע גרויסע דערשײַנונגענ פונ אונדזער סאָציִאליסטישער בויונג, װי בירעבידזשאנ פונעמ שטאנדפּונקט פונ יידישיזמ. דעמלט גײט אײַנ האָפשטײנ אפ צו פירנ לאנגע, טרוקנ־רעזאָניאָרישע דיאַלאָגנ מיט נאציִאָנאליסטנ, װעלכע האָבנ „דוירעס געטרוימט װעגנ היימ, װעגנ אײגנס“. אָנשטאָט צו אנטבלויזנ דעמ קלאסנ־טאָכ פונ אָט אָ דעמ ציִאָניסטישנ „דוירעסדיקנ טרוימ“ שרײַבט האָפשטײנ:

„אױכ הײמ אונ אױכ אײגנס
אינ לאנד אינ געבויטנ
א טיקנ װעט קריגנ“.

אזױ װי דער ציִאָניסטישער טרוימ װעגנ א נאציִאָנאל־פאשיסטישנ הײמ װאָלט געקאָנט „באקומענ א טיקנ“ ד. ה. איבערװאקסנ אינ אונדזער סאָציִאליסטישער װירקלעכקײַט!

דאָרטנ װו האָפשטײנ פארגעסט אינ דער נויטװענדיקײַט פונ אָרגאנישנ **איבערבויענ** זיכ זעצט ער אראָפּ די קװאליטעט פונ זײַנע דיכטערישע שורעס, גראמט ער סטראָפעס װעגנ „בײשעכדיקנ אמאָל, פונ קנעכטשאפט פונ שװערנ אָל“, באזינגט ער דעמ בלאָזאק אונ „שטײט אינ קוזניע אונ שמידט אונ פונקענ פליִענ פונ ארומעט“, לויט די

באַרימטע טראַדיציעס פונ דער פּראָלעטקולטישער „שמידער פּאָעזיע“. אָט איז אַ בײַשפּיל. ד. האָפשטײנ שרײַבט:

„אונ דער בלאָז זאַק קאָנ קוים דינענ
ער איז שװער, גאָר שװער אונ מיד.
ערגעץ רױשנ די מאַשינעס,
כשטײ אינ קוזניע אונ איכ שמיד.
פונקענ פליִענ פונ אַרומעט,
בלעטער גאָלד אונ ברעקלעכ שײַנ
אינ דערהײכ זײ דאָרט פאַרשװומענ
אונ דער כײשעכ שלינגט זײ אײַנ“.

צי דענ האָט האָפשטײנ דורכגעמאַכט יאָרנ דיכטונג, קעדײ אומקערנ זיכ צו די קינדער־יאָרנ פונ אונדזער פּראָלעטקולט־דיכטונג?

אינ אַנדערע פאַלנ הײבט אָנ האָפשטײנ אַזױ איבערכאַזערנ זיכ גופע, אַז עס מאַכט אַנ אײַנדרוק פונ איבערגעשריבענע שורעס. בעשאַס האָפשטײנ, לעמאָשל, שרײַבט „פונ װאַנעט קומט ער אָנ דער פרילינגדיקער אָטעמ“ אונ װײַטער: איכ װײס נאָכ ניט קײנ מאָס, איכ האָב נאָכ ניט קײנ װאָנ“ אונ װײַטער: „נאָר אײנס איז קלאָר, פונ אַלע מײַנע טונקעלע לאַסטנ בינ איכ רײנ“;—האָבנ מיר פאַר זיכ בוכשטעבלעכ איבערגעשריבענע שורעס פונ האָפשטײנס אַמאָליקנ באַנד „לידיק“. האָפשטײנ מײנט װי עס שײַנט, אַז זײַנע באַרימטע „שפּיזנ פונ אויג“, װאָס האָבנ אים אַמאָל געגעבנ די מעגלעכקײַט צו שאַפנ אַזעלכע גלענצנ־דיקע ליריש־אימפּרעסיאָניסטישע מיניאַטיורנ זײַנענ אינגאַנצנ אָפּגעפּרעגט.

אויכ האַלקינ האָט דורכגעמאַכט אַנ ענלעכנ װעג מיט ענלעכע דערפאָלגנ אונ ענלעכע שװעריקײַטנ. אויכ האַלקינ הײבט אָנ צו געפינענ נײַע פאַרבנ אינ זײַנ דיכטערישער פּאַליטרע. ער טראַנספאָרמירט אינ אַ רײ ערטער גאַנצ געלונגענ זײַנע אַלטע נאַציִאָנאַל־סימװאָלישע געשטאַלטנ, ער הײבט אָנ צו געבנ קרעפטיקע זײער פּלאַסטישע אונ לײַדנ־שאַפטלעכע רעאַליסטישע שורעס פונ אונדזער סאָציִאַליסטישנ שטײגער, אָבער אויכ ער איז נאָכ נישט אינגאַנצנ פרײַ, באַזונדערס אינ אײניקע לידער זײַנע, װעגנ בירעבידזשאַנ, פונ נאַציִאָנאַליסטישע אַסאָציִאַציעס.

אַנ אינטערעסאַנטנ, כ׳װאָלט געזאָגט, בלענדנדיקנ װעג האָט דורכגעמאַכט פּערעצ מאַר־קיש. עס װאָלט געװענ ניט ריכטיק צו מײנענ, אַז אָט דערדאָזיקער דיכטער, בײַ זײַנ גאַנ־צער אַמאָליקער העפקער־טראַדיציע, האָט ניט באַגריפנ די ערנסטקײַט פונ יענע איבערבוי־פּראָצעסנ, װאָס קומענ פאָר אינ אונדזער דיכטונג. מאַרקיש װײסט, אַז עס איז נאָכ רעאַל די געפאַר פונ זײַנ אַמאָליקנ שטאַמ, װאָס „װינקט צו אים מיט הענט פונ קרומע קרעמער“, אָבער ניט שטענדיק שפּירט ער אינ דער פולער מאָס אָט די פאַראַנטװאָרטלעכקײַט. מאַר־קיש האָט אַמאָל אַפילע געפּרוּװט באַרויִקנ זיכ, אַז האַגאַמ ער איז אַראָפּגעפאַלנ פונ פערד, װעט ער אָבער אָנקומענ באַצײַטנס גײענדיק צופוס. איכ װיל אײַכ דערמאָנענ אָט די שורעס:

„נו לאָז מײַנ גורל זײַנ װי זײַנ ער מוז
דער גורל פונ אַראָפּגעפאַלענעמ פאַרשעמטנ רײַטער,
כ׳װעל גײנ בײַ זײַט, כ׳װעל גײנ צופוס,
כ׳װעל אָנקומענ באַצײַטנס.
ס׳מוז זײַנ אַ פרײד—אַראָפּפאַלנ פונ פערד
אינמיטנ לויפ.
װי פרײדיק ס׳איז דער לויפ דער האַסטיקנ אַלײנ“

עס איז אָבער נישט אזוי לײַכט דורכמאכנ אזא, וועג! קײנ פרײד איז עס אוואדע אונ אוואדע ניט. ניט שטענדיק קומט מארקיש מיט זײנ דיכטערישער סטראָפע באצײַטנס. א גרויסער דיכטער מיט א קרעפטיקנ אָנלאָד פונ טריבונישער עקספרעסיע, ראנגלט ער זיכ נאָכ אדאיעמ מיט זײַנ אײגענער מעטאפאָרע איבערגעוועטיקטקײַט. ניט בלויז אינ זײַנע פאטעטישע ארטאָריעס, וואָס שטײענ אָנ שומ סאָפעק ווי אנ אקטועלע פראָבלעמ אינ אונדזער דיכטונג, נאָר אויכ אינ א רײ זײַנע פאָעמעס קניט ער זײער אָפט אונטער דער לאסט פונ „קאטאקאָמבישע“ מעטאפאָרעס אונ אָרגאמענטאל ביבלישער געשטאלטיקײַט.

„אונ ס׳זילבערט זיכ זײַנ קאָפּ מיט אופגאנגדיקנ בלענד
ווי עס זילבערט זיכ מיט שנײ דער קאָפּ פונ בארג אראָראט“...
מײַנ דאָר צענ רויטע טויבנ וואָרקענ אינ באגינ
געשטילט דער שטורעמ האָט זײַנ דאָרשט...

אזוי אָרנאמענטאל, היפערבאָליש שרײַבט מארקיש גאנצ אָפט וועגנ אונדזערווירקלעכקײַט. אינ זײַנ בעסטער רעוואָליוציאָנערער פאָעמע „ברידער“, וואָס שטעלט פאָר מיט זיכ א גרויסע דערשײַנונג ניט בלויז אינ די ראמענ פונ דער ייִדישער סאָוועטישער פאָעזיע, ווערט ער אָפטמאָל געשטרויכלט פונ ראדיקאל בונטארישע אונ ביכלדיק־ראָמאנטישע שטאמפּנ. אזוי לעמאָשל איז קלאָר, אז ווענ פ. מארקיש שרײַבט: „הער, די באלאָדנס צעעפנט“, אָדער, ווענ ער באשרײַבט א „מעסיבע פונ הײליקע פארליבטע“ אונטערערדיקע באָלשעוויקעס ארומ בעט פונ א נאכט־מײדל, אָדער ווענ ער באזינגט דעמ שטעטלשנ רעווקאָמ פונ „אונטערצינדער שטילע ווי פארקלערטע מעקובאָלימ“,—אינ אָט די אלע ערטער צאָלט מארקיש צינז זײַנ יאָגנ זיכ נאָכ „סענסאציאָנעלע“ אונ „קאטאָקאָמבישע“ געשטאלטנ. ער צאָלט צינז בלאָקנ, אנדרײעווג, סעלווינסקענ, ארטעמ וועסאָלי א. א. וו. ס׳איז שווער צו רײדנ וועגנ זײַנ לעצטער פאָעמע „אנשל זאליאזניק“, אפ וויפל זי איז ערשט נאָר וואָס אָפּגעדרוקט געוואָרנ. אָבער שוינ באמ ערשטנ לײענענ מאכט עס אגרויסנ אײַנדרוק אונ דעקט אופ א גלענצנדיק זײַטל פונ מארקישעס פאָעטישנ שאפנ. דאָ איז מארקיש אינ א באדײַטנדיקער מאָס סוזשעטיש דיסציפלינירט אונ אינעווײניק אָרגאניזירט איז דער גראנדיעזער שעפע פלאסטישע, כ׳וואָלט געזאָגט, ציקלאָפּישע געבײַענ אונ פאָלקלאָר פונ זײַנ לעצטער פאָעמע. אָבער אויכ דאָ דארפ מענ רײדנ וועגנ א וועזנטלעכער געפאר, וואָס לויערט אפ מארקישנ. דער ייִדישער באלעגופ אנשל זאליאזניק טרעט ארויס ווי עפעס א מינ לעגענדארישער העלד. ער איז צו „מעכטיק“. ער איז צו „ציקלאָפּיש“. די זעלבע געפאר פונ איבערטרײַבנ מיט פאָלקלאָרישנ אָרגאמענט, וואָס שטײט פאר א רײ יונגע רוסישע פאָעטנ (פראָקאָפּיעוו אונ באזונדערס פאוול וואסיליעוו) שטײט אויכ אינ א געווויסער מאָס פאר מארקישנ אינ זײַנ פאָעמע אנשל זאליאזניק.

א רײ אינטערעסאנטע לידער פונ „איבערבוי“ האָט געגעבנ מ. כאשטשעוואצקי. איכ וועל זיכ אָפּשטעלנ דאָ בלויז אינ אָרדענונג פונ איבערזיכט אפ זײַנ בוכ „לענינ“. כאשטשעוואצקי גופע האָט אינ אנ ארטיקל זיכ מוידע געווענ, אז די דאָזיקע גראנדיעזע טעמע האָט ער ניט אויסגעשעפּט. כאשטשעוואצקעס פארדינסט באשטײט אָבער אינ דעמ, וואָס ער האָט זיכ ערנסט פאר דערדאָזיקער טעמע גענומענ. כאשטשעוואצקי האָט אינ דערדאָזיקער ארבעט דעמאָנסטרירט זײַנ אלגעמײנעמ קולטור־וווקס. אינטערעסאנט איז דער ברײטער עפּאָכע־פארנעמ. בעלונגענ איז דער פּאָליטישער אקצענט. דערדאָזיקער בוכ פארמאָגט אָבער א רײ זײער וויכטיקע פעלערנ. אינ פראָצעס פונ איבערבויענ זיכ האָט כאשטשעוואצקי געמוזט זיכ באפרײַענ פונ זײַנע אמאָליקע נאַציאָנאל־סימבאָלישע „נאכטישע

אָרכים". צוגלײַכ אָבער דערמיט האָט כאשטשעוואצקי אינ א ריי זײַנע לידער אָנגעהויבנ פארלירנ זײַנ „לירישנ קאָל". דער בוכ „לענינ" איז אינ א באדײַטנדיקער מאָס צו היסטאָריאָגראפיש-טרוקנ—עפּעס א מינ פארקירצטער קאָנספּעקט פונ דער פּארטיי-געשיכטע. ווי באוווּסט האָט דערדאָזיקער מעטאָד פונ שרײַבנ א פּאָעמע וועגנ לענינען ניט געבראכט צו פּאָזיטיווע רעזולטאטנ אפילע אזא פּאָעטישנ ריז ווי וו. מאיאקאָווסקי. זייער זעלטנ גיט זיכ בא כאשטשעוואצקי די שורע א בראָכ מיט לירישער לײַדנשאפט. די פּאטעטיק ווערט אינ א ריי ערטער פארביטנ מיט פּאָזע. באזונדערס אומנאטירלעכ איז דידאָזיקע פּאָזע פאר לענינען, וועלכער האָט ווי באקאנט זייער פײַנט געהאט פּאָזע און פּאָזיאָרנ. כאשטשעוואצקי אָבער שרײַבט אזוי, ווי לענינ קלוימערשט וואָלט שטענדיק געקוקט אינ שפּיגל פונ געשיכטע.

אָט זײַנען די סטראָפעס, וואָס גיבנ איבער לענינס מאָנאָלאָג פאר פּיאָטר דעם גרויסנס דענקמאָל:

„און ווי ס'זאָל שווער ניט זײַנ די לאסט<br>
אונ ווי דער וועג ניט דאָרניק,<br>
נאָר ס'איז מײַנ פליכט אונ פאר מײַנ קלאס<br>
איז וואקל איכ א האָר ניט.

אונ דו טיראנ פונ שטיינ אונ שטאָל<br>
פונ קופּער א געשמידטער<br>
זײַ וויסנ, ס'וועט דאָס ארבעטס-פאָלק<br>
פארשווענקענ גיכ דײַנ פּיטיער<br>
אונ פאלנ וועט דײַנ קיניגרײַכ<br>
צוזאמענ מיט די הענקער.

אונ ס'וועט א טאָג נאָכ קומענ, הערסט<br>
אונ שטאָט בא נעווער שטראָמענ,<br>
די שטאָט וווּ דו האָסט וועפּ געהערשט<br>
וועט הייסנ מיט מײַנ נאָמענ"

איכ בינ איבערצײַגט, אז לענינס געשטאלט האָט קיינ שום שײַכעס מיט אָט דער זעלבסט-באווּמערײַ אונ מיט אָט דער ביבלישער נעווּוע „אונ פאלנ וועט דײַנ קיניגרײַכ".

אינטערעסאנטע בײַשפּילנ פונ דיכטערישער איבערבוי גיט די ייִדישע דיכטונג פונ ווײַס-רוסלאנד. באדײַטנדיקע דערפאָלגנ האָט אפ דערדאָזיקער ליניע דער דיכטער אקסעלראָד. ער האָט אינ מעשעכ פונ יאָרנ געבלאָנזשעט אפ די וועגנ פונ אנ אייגנארטיקער ייִדיש-יעסעניניזירטער ליריק. ער האָט ניט ווייניק קאָקעטירט מיט זײַנ „יוגנט ווילדער בריק". איצט קענענ מיר קאָנסטאטירנ, אז דערדאָזיקער דיכטער הייבט אָנ ליקווידירנ זײַנ אמאָליקע פּאָעטישע ירושע.

„זאָל בעסער א קויל ארײַנ אינ מײַנ הארצנ<br>
איידער ווײַטער צו שווײַגנ בא דער אייגענער שוועל"

אזוי דערקלערט זיכ איצט דער דיכטער פונ „שטילקײַט" האָט דערהויבנ מײַנע לידער". אקסעלראָד הייבט אָנ צו זעטיקנ זײַנ שורע מיט סאָציאַלער פּאַטעטיק, מיט סאָציא-

ליסטישנ שטייגער. אָנשטאָט דער צעשויבערטער שטימונג־סטראָפע, וואָס אָט, צעפאלט זי, קומט די פעסט־צעמענטירטע פאבוליזירטע סטראָפע. די שטימונג ווערט מאטעריאליזירט, פעסט אײַנגעמאָנטירט אינ סאָוועטישנ שטייגער.

דאָס וויכטיקסטע אינ אקסעלראָדס איבערבוי איז די אָרגאנישקײַט פונ זײַנ נײַעמ וועג. ער ווייסט וואָס ער האָט צו יארשענענ פונ זײַנ אייגענעמ דיכטערישנ נעכטנ. געבליבנ איז זײַנ פריערדיקער קינדישער לירישער כיינ, זײַנ אופגערעגט געשטאלט, זײַנ לײַדנשאפטלעכ־אינטימער טאָנ אונ דאָס אלצ — אפנ נײַעמ שטאָפ, מיט נײַעמ קוק אפ מענטשנ אונ אפ זאכנ. אונ ווענ ער פעדימט אײַנ נאטירלעכ די סאמע אינטימסטע מאָטיוונ אינ רעאלנ סאָוועטישנ שטייגער גלויבט איר אימ, אז ס'איז ניט קיינ מעכאנישער צומיש.

„איכ גיי צומ רויטארמייאישנ שײַער,<br>
ווו סשמעקט מיט שווייס אונ מיט היי<br>
אונ דער לעוואָנעס געלער פײַער<br>
ברעקלט זיכ אפנ שאָס"

דאָ איז אָרגאניש אי די לעוואָנע, אי דער שווייס.

דאָס פארשטייט זיכ, נעמט נישט אראָפ פונ אקסעלראָדנ די נייטיקײַט באקעמפנ די רעשטלעכ פונ באגרענעצטער „שטימונגערײַ", וואָס דראָט נאָכ אפ אימ אינ אייניקע ערטער.

א טאלאנטפולנ דאָקומענט פונ איבערבויונג שטעלט פאָר מיט זיכ קולבאקס פאָעמע „דיסנער טשײַלד האראָלד". דער גרויסער באטײַט פונ דער דראָזיקער פאָעמע באשטייט אינ דעמ, וואָס קולבאק האָט אינ אָרדענונג פונ אנ אייגנארטיקער אווטאָ־קריטיק אונ ליטעראטור־פאָלעמיק זיכ פארנומענ גאנצ ערנסט צו גילאָטינירנ די געשטאלט פונעמ ייִדישיסטישנ „רענעסאנס־אינטעלעגענט". קולבאק דעקט אופ די קאָמישע נעבעכדיקײַט פונ דער ייִדישיסטישער „דונקע", וואָס שפארט קיינ אייראָפע. אינ א ריי זייער טאלאנטפולע קאפיטלענ רײַסט אופ קולבאק מיט די מיטלענ פונ פאמפלעט אונ סאטירע די מאָדערנע פאשיסטיש־בורזשואזע קולטור פונ דײַטשלאנד. זײַנ דינע אפאָריסטישע פענ, זײַנ כוש פאר קולטור, זײַנ שארפע איראָניע — ס'איז זײַנ רײַכער פארמעג. אָבער אויכ דאָ גייט צו דער וועג פונ איבערבוי ניט לײַכט. קולבאק איז נישט פרײַ פונ אייניקע ייִדישיסטישע שטאמפנ אפילע דאָרטנ, ווענ ער לאָזט זיכ אופריכטיק זיי אופצורײַסנ. אזוי לעמאָשל, קענ זיכ ניט קולבאק באפרײַענ פונ דער ייִדישיסטישער טעאָריע לויט וועלכער דער ייִדישער האָרעפאשניק שטעלט פאָר די קלאסנבאזע פונ ייִדישיומ. קולבאק שטרײַכט אונטער זייער אָפט דעמ שנײַדערישנ אונ האָרעפאשנעמ אָפשטאמ פונ זײַנ טשײַלד האראָלדנ. דער האָרעפאשנער אָטעמ פונ דער „גרויסער שנײַדערשער ראסע" באהיינט ליולקעמאנס ייִדישיסטישע אָריענטאציע אפ אייראָפע. דעריבער איז ליולקעמאנ אזוי ליריש אונ אפילע טראגיש געגעבנ. אָבער דאָס האָט דאָכ אזוי געשילדערט די לאגע ניגער, ווענ ער האָט געשריבנ נאָכ אמאָל פאר דער רעוואָליוציע:

„דער אייראָפעישער דעקאדענט איז מיד פונ לעבנ — דער ייִדישער פונ זוכנ דאָס לעבנ. דער ערשטער שטאמט פונ דער אריסטאָקראטיע... דער צווייטער, פארקערט, איז דער פאָעט פונ די נידעריקסטע פאראָרעמטע פאָלק־שיכטנ..."

דער צווייטער פעלער פון דערדאָזיקער פּאָעמע באשטייט אין דעם, וואָס קולבאַק שטעלט ניט מיט דער געהעריקער שאַרפקייט יענע דילעמ, וואָס די מאָדערנע פּאָליטישע סיטואַציע שטעלט פאר דער לינקער דעקאדענטישער קונסט: אָדער זיך באפרייען פון דער אויסערלעכער „עסטעטישער אָפּאָזיציע" און ווערן אַן אַקטיווער פריינט פון פּסס'ר, אָדער אריינוואקסן מיט דער גאנצער עסטעטישער אָפּאָזיציאָנעלקייט אין דער פאשיסטישער סיסטעמ. קולבאַק לאָזט איבער א מין אילוזיע פאר דערדאָזיקער גרופּע דעקאדענטישע קינסטלער, „וואָס וווינען אין כורוועס פון א סיסטעמ". די דעקאדענטישע „דעמאָסטראַציע זאלבאפּערט" גייט פּאראַלעל און קומאט גלייך באַרעכטיקט מיט דער דעמאָנסטראציע פונעמ פּראָלעטאריאט.

און צום סאָף וועגן דעמ לעצטן פעלער. קולבאַק גיט אין דער פּאָעמע א רייע גלענצנדיקע אימפּרעסיאָניסטישע דעטאַלן, וואָס ווירקן מיט דער קראַפט פון קינסטלערישע פאָרמולעס. געפערלעך איז אָבער ווען די רעוואָלוציע פונעמ פּראָלעטאריאט ווערט צעגלידערט־צעפּערלט אפ איינצלנע אימפּרעסיאָניסטישע דעטאלן, ווען לעמאָשל, „א בלייכער מענטש אין אלטינקע באָטפּאָרטן, וואָס פאריכט די ראַדעקברילן אפ דער נאָז" פארבייט די געשטאַלט פון דער פּארטיי.

אזוי גייט ער—דער געשליינגלטער וועג פון דיכטערישן איבערבוי אין באַדינגונגען פון פארשארפטן קלאסן־קאמפּ אין לאנד. אין לעצטן סאכאקל פירט ער די בעסטע פון אונדזערע דיכטער בארג ארופּ.

## 2. טעמאַטיק פון סאָציאַליסטישער אינדוסטריאַליזאַציע.

וועגן די באַרימטע „סירענעס, שקיווו און טראנסמיסיעס" האָט מען בא אונדז, ווי באַקאַנט, ניט ווייניק לייצאָנעס געטריבן אין די ערשטע יאָרן פון קאמף פאר דער ייִדישער סאָוועטישער און פּראָלעטארישער דיכטונג.

ריטער פון „ריינער קונסט", באַלעבעסלדיקע עסטעטן האָבן אין משך פון לאַנגע יאָרן, טאָג איין טאָג אויס ניט אויפגעהערט צו קאָמפּראָמעטירן אָט די ערשטע, עמעס, אָפּט אומבאהאָלפענע, פּרוּוון פון דער יונגער ייִדישער אַרבעטער־פּאָעזיע אריינצופירן אין דער ייִדישער דיכטונג די זאַוואָדישע טעמאַטיק.

דאָס האָט א שייכעס ניט בלויז צו דער ייִדישער, נאָר אויך צו דער רוסישער פּראָלעטקולט־דיכטונג, וועלכע האָט צו יענער צייט אין א באַדייטנדיקער מאָס געווירקט אפ די ערשטע קאַדערן ייִדישע אַרבעטער־פּאָעטן. די איבערגעטריבענע, רעוואָליוציאָנער־קאָסמישע היספּיילעס פון דער רוסישער פּראָלעטקולט־דיכטונג, איר היפּערבאָלישער, צעכישער אינדוסטריאַליזמ און אורבאניזמ, איר אָפּטע ראַציאָנאַליסטיש־ריטאָרישע טראַקטירונג פון דער זאַוואָד־טעמאַטיק האָט געגעבן שטאָף פאר ביזווייליקער און קלאַסנפיינטלעכער קריטיק אי דער רוסישער בורזשואַזער, אזוי אויך דער ייִדישער, נאַציאָנאַליסטיש־עסטעטישער ליטעראַרישער געזעלשאַפטלעכקייט.

אפילע אין די קרייזן פון אונדזער קאָמוניסטישער קריטיק האָבן זיך א לאַנגע צייט געלאָזט הערן ביטל־שטימען וועגן דער „אינדוסטריאַלער מעליצע" פון אונדזער פּראָלעטקולט־דיכטונג. כאָטש מ. מ. ליטוואַקאָוו האָט געשריבן וועגן אינדוסטריאַליסטישן „שיימהאַמפּיירעש" פון אָט דעמ מין זאַוואָד־דיכטונג (ס'האָט זיך געהאַנדלט ניט בלויז וועגן גילדינס „האַמער־קלאַנגען"!) ניט מיט קיין קלענערן ביטל איידער דער כ' י. נוסינאָוו—וועגן דעמ „אינדוסטריאַלן קוריאָז" פונעמ ייִדישן פּראָלעטקולט.

מיר איז שוין איינציקע מאָל אויסגעקומען אין גרעסערע און ספּעציעלע ארבעטן אָנצווייַזן אַף אָט דערדאָזיקער ביטל־באַציִונג מיצאד א ריי אונדזערע קריטיקער צו די ערשטע פּרוּוון פון אונדזער ארבעטער־דיכטונג דיכטעריש צו פאַרייגענען די זאַוואָד־טעמאטיק. די ליטערארישע־געשיכטלעכע מאטעריאַלן, וועלכע געפינען זיך אין אונדזער רעשוס זאָגן אייִדעס וועגן דעם, אז בא זייער גאנצער אומבאהאָלפנקייַט האָבן אָט די דאָזיקע „שקיוון און טראנסמיסיעס" פאָרגעשטעלט מיט זיך אין דער פּאָסענץ, היסטאָריש, א העכערע, א קוואַליטאטיוו־פּראָגרעסיוועע שטופּע פון אונדזער דיכטונג, איידער די נאַציאָנאַליסטיש־עסטעטישע דיכטונג פון יענער צייַט. דאָ האָבן זיך געלאָזט פילן ניט בלויז די שפּעפּערישע פּרינציפּן פונעם רוסישן פּראָלעטקולט נאָר אויך די רעוואָליוציאָנערע טראדיציעס פון דער אמעריקאניש־ייִדישער „שאָפּ"־דיכטונג, געקייִפּלט אַף די ליטערארישע טראדיציעס פון אונדזער מאסעווער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער-דיכטונג און פּאָלקלאָר. יאָ, ס'איז ניט קיין קוריאָז געווען און ניט אין איבערגעטריבענער אינדוסטריעלער מעליצע האָט זיך עס געהאנדלט.

עס האָט זיך געהאנדלט אין דעם, אז א קלאס האָט אָנגעהויבן אריינפירן אין דער דיכטונג נייַע אסאָציאַציעס, נייַע געשטאלטן, נייַע קעגנשטאנדן, וואָס קוועלן ארויס פון זייַן טאָגטעגלעכער קלאסן־פּראקטיק. מע דארף קאָנען זען און פארשטיין אָט די קינדערטריט פונעם גרויסן ריז—דעם פּראָלעטאריאַט, ווי ס'האָט אמאָל געשריבן מארקס.

דער קאמף פאר סאָציאַליסטישן רעאליזם אין אונדזער דיכטונג האָט, אין טאָך ניט געקענט גיין דערפאָלגרייַך אָן א סיסטעמאטישן קאמף פאר אָט די קאָמפּראָמעטירטע „שקיוון און טראנסמיסיעס" אין דער ייִדישער רעוואָליוציאָנערער דיכטונג.

גויווערזייַנדיק די פּראָלעטקולטיש־צעכישע טראדיציעס, באפרייַענדיק זיך פון אינדוסטריאַליסטישער מעליצע, פון אבסטראקטן אורבאניזם, האָט די ייִדישע סאָוועטישע און פּראָלעטארישע דיכטונג ווידעראמאָל, אַף א מער ברייטערער באזע, מיט אויסגעוואקסענע הויך־קוואליפיצירטע דיכטערישע קויכעס אופגעהויבן איצט די פאָן פון קאמף פאר אינדוסטריאַליזאציע־טעמאטיק אין דער ייִדישער דיכטונג. די פארשפּיגענע „טראנסמיסיעס און שקיוון" האָבן באקומען זייער אייגנארטיקן „טיקן". זיי זייַנען טראנספאָרמירט געוואָרן אין די בעסטע דערגרייכונגען פון אונדזער איצטיקער ייִדישער סאָוועטישער און פּראָלעטארישער פּאָעזיע. ניט אומזיסט איז איצט דער לאָזונג: טעמאטיק פון סאָציאַליסטישער אינדוסטריע אפן פאָדער־גרונט פון אונדזער דיכטונג—אונדזער גרונט־לאָזונג. פארשטייט זיך, אז דערבייַ מוז מען מאכן א סאָף צום מעכאניסטישן און אויבנוּפיקן באנעמען דעם באגריף טעמאטיק, ווי דאָס קעפּל פון ליד. אין דער טעמע גופע, אינעם אָפּקלייַב פון מאטעריאַל שטעקט אָן שום סאָפעק אין א גרויסער מאָס די באַציִונג צום מאטעריאַל. דער קער פון א גאנצע ריי ייִדישע סאָוועטישע שרייַבער צו דער טעמאטיק פון סאָציאַליסטישער אינדוסטריע זאָגט אייִדעס וועגן דעם, אז די ברייטסטע מאסן פון אונדזער שרייַבערישער געזעלשאפטלעכקייַט האָבן שוין דערזען אינעם זאַוואָד די צענטראלע געשטאלט פון אונדזערווירקלעכקייַט.

דאָס אליין איז שוין א דערשייַנונג, וואָס האָט א קאָלאָסאלע וועלט־היסטאָרישע באַדייַטונג פארן גורל פון דער ייִדישער דיכטונג אין גאָר דער וועלט. די פּאָליטישע אופּאַסונג פון אָט די אינדוסטריאַליזיר־פּראָצעסן, דער גראד פון באוווסטזייַן, מיט וועלכן עס גייט צו צו זיי דער דיכטער, די קינסטלערישע אינטענסיווקייַט, מיט וועלכער ער, דער דיכטער, דריקט אויס זייַן באַציִונג צו דער טעמע—דאָס אָבער באשטימט ערשט, אַף וויפל די

טעמע איז קינסטלעריש רעאַליזירט געוואָרן. ס'איז ניט קיין לייַכטער וועג. עס האַנדלט זיך וועגן רייַסן מיט אייַנגעוואָרצלטע טראַדיציעס פון קליינשטעטלדיקער באַגרענעצטקייַט. עס האַנדלט זיך וועגן געפינען נייַעם לעקסישן שטאָף, נייַע געשטאַלטן, נייַע ריטמען.

דאָס פאַרשטייען שוין איצט גאַנץ גוט די בעסטע סאָוועטישע דיכטער אונדזערע. אַלץ מער און מער אַכראַיעספול איז זייער אַרבעט אינעם דאָזיקן געביט, און דעריבער איז אַזוי אינטערעסאַנט נאָכצושפּירן יענע אָנגעשטרענגטע און לייַדנשאַפטלעכע סטיל־זוכענישן, דורכפאַלן און דערפאָלגן, וואָס כאַראַקטעריזירן דעם איבערגאַנג פון אַ ריי אונדזערע דיכטער צו דער טעמאַטיק פון סאָציאַליסטישער אינדוסטריאַליזאַציע.

אין איינעם פון זייַנע לידער שרייבט פינטשעווסקי:

„כ'האָב פריִער אין לעבן
ניט קיינמאָל געזען
קיין דאָמנעס, זאַוואָדן,
וואַגראַנקעס,
געוווינט כ'האָב אין מאָסקווע
און מייַן וועג איז געווען
פון הערצענער גאַס
ביז לוביאַנקע.

נאָר מיר האָט זיך אויך
געוואָלט זינגען פון צעך
אַ לעבן אַזאַ! —
ווער קאָן טויט זייַן?!
האָב איך געזויגן
פון פינגער פון צען
הונדערטער פערזן
און טויזנט."

דאָס זייַנען גאַנץ שאַרפע זעלבסטקריטישע שורעס. פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן אַ גרעסערע שייַכעס צו אַזאַ מין דיכטער, ווי פינטשעווסקי איידער צו אונדזער גאַנצער דיכטונג. פינטשעווסקי, וועלכער האָט ניט איינמאָל זיך געקלאַמערט צו דידאָזיקע „דאָמנעס, זאַוואָדן, וואַגראַנקעס", האָט עפשער מער ווי אַנדערע געזינדיקט מיט אָט דער גרויזאַמער זינד פון „זויגן דעם פינגער". דערפון שטאַמט דאָס, וואָס בא אַ גאַנץ געשולטער אויסער־לעכער טעכניק האָט פינטשעווסקי ניט געקענט זאָגן דאָס נייטיקע וואָרט וועגן אָט די „דאָמנעס, זאַוואָדן, וואַגראַנקעס". אָבער דאָס האָט אַ שייַכעס ניט בלויז צו פינטשעווסקען, נאָר אויך צו אַ גרויסן טייל אונדזערע ייִדישע סאָוועטישע דיכטער. און אין דער ערשטער ריי האָט עס אַ שייַכעס צו יענע אונדזערע שרייַבער, וואָס האָבן אין מעשעך פון יאָרן געשלעפּט אָפּ זיך די לאַסט פון שטעטלדיקער באַגרענעצטקייַט, פון נאַציאָנאַל־סימוואָליזם, פון פוסטער עסטעטישקייַט. וויפל שרייַבער האָבן מיר געהאַט אַזעלכע (וויפל האָבן מיר אויך איצט אַזעלכע), וואָס וואָלטן צונאָמען מיט פינטשעווסקען געקאָנט זאָגן וועגן זיך און וועגן זייער דיכטערישן וועג, אַז דאָס איז דער וועג פון איין מאָסקווער גאַס ביז דער צווייטער!

דעריבער טאַקע האָבן געמוזט זייַן אַזוי אָנגעשטרענגט די וואָרט־ווייען בא אָט דעם מין שרייַבער, ווען די כוואַליע פון אינדוסטריאַליזאַציע־ענטוזיאַזם האָט אַזאַ איינעם אויפגעהויבן און... אָפּ אַ צייַט פאַרכלינעט.

עס האָט זיך דאָ געהאנדלט ניט בלויז וועגנ ענדערנ דאָס קעפּל פונ א ליד. עס האָט זיך דאָ געהאנדלט וועגנ רײַסנ מיט א וועלט-אָנשויונג, מיט אײַנגעבירגערטע געשטאלטנ, אסאָציִאציעס, לעקסיק, פאָלקלאָר. עס האָט זיך דאָרט געהאנדלט, ווי עס שרײַבט אינ אײנעם פונ זײַנע לידער כאשטשעוואצקי, וועגנ זעגענענ זיך מיט די „נאכטישע אָרכים", רײַסנ מיט פארורטייל, דערזענ יענע גרויסע פּאָעטישע קראפט, וואָס שטעקט אינ די קאָמפּראָמעטירטע „טראנסמיסיעס, שקיווו אונ סירענעס".

וואָס האָט עס געדארפט באדײַטנ, לעמאָשל, פאר אזא מינ דיכטער, ווי האלקינ, וועלכער האָט זיך געמאטערט אונ ניט געקאָנט באהערשנ דעם „נײַעם פונדאמענט" פונ סאָצ. בויונג?!

אינ אײנעם פונ זײַנע לידער שרײַבט האלקינ:

„כאווײרים, כ'וועל אײַך דערצײלנ הײַנט פּראָסט
(א כאווער איז דער, ווער עס פילט מיר הײַנט מיט)
ווענ כ'קאָנ זיך באפרײַענ פונ ריטם פונ ליד
וואָלט איך אפ אנ אײנפאכער שפּראכ זיך צעלאָזט".

אָט דאָס, אײגנטלעכ, האָב איך אינ זינענ, ווענ איך רײד וועגנ דעמ, אז דער פּאטאָס פונ א נײַער טעמאטיק—פונ דער אינדוסטריִאליזאציע-טעמאטיק האָט אפ א צײַט פארכלײנעט א רײ אונדזערע דיכטער. דער דיכטער פילט, אז שרײַבנ אזוי, ווי ער האָט געשריבנ פריִער קאָנ מענ ניט. עס פעלט עפּעס אימ דער אלטער ריטמ, עס דריקט אפ אימ ווי א שווערע מאסע דער אלטער אינווענטאר פּאָעטישע קונסט-מיטלענ. ער שטרעבט עפּעס צו א נײַער, צו אנ אײנפאכער שפּראכ. ווו איז זי, אָט דידאָזיקע שפּראכ?...

קײנמאָל האָט אונדזער דיכטונג ניט געלעדט אזוי פיל אונ אזוי לײַדנשאפטלעכ אונ אופריכטיק וועגנ אירע וואָרט-ווייענ!

אינ זײנ „אָנגריפ אפ וויסטעס" שרײַבט קוויטקאָ אינעם זעלבנ נוסעכ וואָס ש. האלקינ:

„מײַנ בלוט אינ מיר קוועלט,
א קויעכ מיכ וויגט
אונ פרײד צו דעמ שלונג
טרעט צו אונ שטיקט.

לאָשנ מיר פעלט,
מײַנ צונג איז צו לויז
דאָס גוטס, וואָס איכ זע
מײַנ וואָרט דריקט ניט אויס".

דאָס איז א מאָטיוו, פונ וועלכנ עס האָט געוווסט די וועלט-קונסט אינ די סאמע שטורמישע יאָרנ פונ איר אופבלי.

וואָרט-לײַדנ!

א גרויסע פרײד פונ בויענ אונ צעשטערנ טרעט צו צומ שלונג אונ שטיקט. א גרויס גוטס בלענדט די אויגנ אונ... עס פעלט וואָרט-מאטעריִאל אפ אויסצודריקנ עס.

אוואדע וואָלט מענ געקענט זיך פארופנ אפ דעמ, אז קוויטקאָ האָט ביכלאל, אינ אלע זײַנע יאָרנ, געפילט אָט דעמ הויכנ דרוק פונ הײס בלוט, וואָס צעשווענקט די ראמענ פונ אָרגאניזירטנ וואָרט. מיר קאָנענ אלע קוויטקעס סטיכײיִש-קרעפטיקנ טאלאנט. „איכ וואָלט אנ אָקס דעמ קאָפ פארלענדט"—האָט אמאָל אויסגעשריִענ דער יונגער קוויטקאָ,—שפּילנ-

דיק מיט זײַנ פעסטער בוסקולאטור אינ דער יונגער ייִדישער נאָכאָקטיאבערדיקער דיכטונג, אונ שווער, ווי א קינסטלערישער קוואדפע, געוואלגערט זײַנע רויע, ערדישע פלאסטישע געשטאלטנ, פארהילטע ניט זעלטנ, אינ מיסטיק אונ אינ אלעגאָריעס. אָבער גאָר פונ א נײַעמ מינ וואָרט לײַדנ האנדלט זיכ איצט, ווענ מע לייענט איבער די אויבנציטירטע שור־רעס פונ קוויטקעס פּאָעמע „אָנגריפ אפ וויסטעס“. פונ אָט די שורעס שרײַט ארויס קוויס־קעס דיכטערישע לײַדנשאפט, זײַנ דורשט צו געפינענ דאָס געהעריק וואָרט פאר אזעלכע מעכטיקע דערשײַנונגענ, פונ וועלכע די ייִדישע דיכטונג אונ ביכלאל די וועלט-דיכטונג האָט קיינמאָל ניט געוווסט. צו דענ האָט קוויטקאָ געקענט דעמ „אָנגריפ אפ וויסטעס“ אָדער זײַנ „טראקטער־צעכ“, אָט די וווּנדערלעכע אנטפלעקינגענ פונ אונדזער סאָציִאליס־טישער בויונג אונ נאציִאָנאלער פּאָליטיק אײַנשפאנענ אינ די אלטע פּאָעטיק־טראדיציעס פונ זײַנע אמאָליקע „טריט“?

אייניקע ווילנ אָט דעמ גאנצנ איניענ פונ סטיל־זוכענישנ אונ וואָרט־ווייענ אויסטײַטשנ ווי א דיכטערישנ „קאפריז“, א מינ יאָגנ זיכ נאָכ „נײַע מאָדעס“. קוויטקאָ איז אָבער א צו ערנסטער אונ קוואליפיצירטער קינסטלער ער זאָל זיכ „אפ דער עלטער“ שפּילנ אינ אויבנופיקער נאָוואטערישקײַט. זײַנ דראנג צו פּראָזאיִרנ אונ דאָקומענטאליזירנ די דיכטערישע סטראָפע, זײַנ אָריִענטאציע אפ א באוווסטזיניקער שטרענגקײַט פונ טאָנ, וואָס דערלויבט ניט קיינ שומ פליטערלעכ פונ מעטאפערעס אונ געצאצקעלטע גראמענ, איז ניט קיינ קאפריז. באזונדערס דארפ עס ווערנ קלאָר, ווענ מע טראכט זיכ ארײַנ אינ יענער טענדענצ פונ דראנג נאָכ אומיטלבארקײַט אונ קימאט קינדיש־נאיִווער פּראָסטקײַט, וואָס כאראקטעריזירט קוויטקענ ביכלאל. מע דארפ אויכ האָבנ אינ זינענ, אז דאָס איז ניט קיינ ריינ ייִדישע דערשײַנונג. דאָ ניט לאנג האָט דעמוזעלבנ לײַדנשאפטלעכנ ווײַ־געשריי וועגנ דעמ, אז „ס'פעלט לאָשנ“ אויסגעזונגענ אינ זײַנ פּאָעמע „צו גאסט בא די יעגיפּטער“ דער רוסישער פּאָעט סאניקאָוו. (אגבו, איז אינטערעסאנט צו באמערקנ די טעמאטישע נאָענטקײַט צווישנ דערדאָזיקער סאניקאָווס פּאָעמע אונ קוויטקעס „אָנגריפ אפ וויסטעס“). סאניקאָוו קלאָגט זיכ אויכ, אז צוליב דער אויסערגעוויינלעכער גראנדיעזקײַט פונ זײַנ מאטעריִאל שטייט ער ווי א געפּלעפטער, ווי א דיכטערישער קוואדפע, א שטאמ־לער:

„Эпоха наша необычна
Кто воспоет ее размах,
Перед ней стихи косноязычны
И даже музыка нема“.

ווי איר זעט כאזערט זיכ איבער ניט בלויז בא האלקינענ אונ בא קוויטקענ, נאָר אויכ בא סאניקאָוונ אונ בא א גאנצע ריי אנדערע דיכטער דער זעלבער מאָטיוו פונ וואָרט-ווייענ. טאקע דערפאר, ווײַל דידאָזיקע דיכטער פילנ די גרויסע אכרײַעס פונ צורירנ זיכ צומ נײַעמ שטאָפ, טאקע דערפאר, ווײַל זיי זײַנענ דיכטער, שעמענ זיי זיכ ניט אָפּנ צו ריידנ פונ זייערע וואָרט־ווייענ, פונ זייערע סטיל־ווייענ, זוכנ זיי, כאָטש זיי ווייסנ פאָרויס, אז דער וועג איז א גאנצ שווערער. כאראקטעריסטיש איז טאקע דערזעלבער סא־ניקאָוו, וועלכער האָט געפּרוווט עקספּערימענטירנ מיט נײַער טעמאטיק פונ סאָציִאליסטי־שער אינדוסטריִאליזאציע.

אינ זײַנע פּאָעמעס „צוגאסט בא די יעגיפּטער“ אונ „קאוטשוק“ פּרוווט סאניקאָוו אָנ־צווענדנ א ריי קונסט־מיטלענ פונ דער קאָנסטרוקטיוויסטישער שול. קעדיי צו שאפנ דעמ

נײַעם קאָלאָריט—דעם פּראָדוציר־קאָלאָריט אינ דער דיכטונג. ער ווענדט אָנ זײער ברײט אונ גאנצ איבערגעטריבנ די געשעפטלעכע שפּראַכ פונ סטאטיסטיק, פּראָטאָקאָלנ אונ טעכניש־װיסנשאפטלעכע פאָרמולעס, ער לאָזט זיכ אפּנ וועג פונ ליקווידירנ אינ טאָכ די ספּעציפיק פונ דער פּאָעטישער שפּראַכ. אָט איז אנ אויסצוג פונ זײַנ פּאָעמע „צוגאסט בא די יעגיפּטער".

„Например, по данным ВТС
Отпускные цены за пуд
(Нетто франко вагон—порт—СССР)
Были в 1924-25 г.:
Американский хлопок—21 р. 95 к.
Сакеляридис египетский—50 р. 05 к."

אינ קאמפ קעגנ דער אידעאליסטיש־פּאראַלעליקטער, יאָנטעוודיקער „שפּראַכ פונ די מורזעס" דערגײט דאָ דער אווטער צו פולשטענדיקער ליקווידירונג פונ דער פּאָעטישער סטראָפּע גאנצע קאפּיטלענ פונ זײַנע לעצטע 2 פּאָעמעס שטעלנ פאָר מיט זיכ כעמישע פאָרמולעס, געשעפטלעכע אונ טעכנישע פּרײַזקוראנטנ־טאבעלעס. גלײַכצײַטיק זײַנענ די זעלבע פּאָעמעס אָנגעשריבנ אונטער אנ אויסערלעכ שטארקער ווירקונג פונ דער קאנאָניזירטער אלטער ראָמאנטישער פּאָעמע. די אלטע ריטמישע דיסציפּלינ, די קאנאָניזירטע לירישע אָפּווענדונגענ, די אלטע טשײַלד־האראָלד־אסאָציאציעס פונ בײַראָנס (אָדער פושקינס) ראָמאנטישער פּאָעמע, זײַנענ דאָ אומגעזעצלעכ צונויפגעפּאָרט מיט היפּערבאָלישנ, איבערגעטריבענעם אמפּיזם, מיט נאקעטנ, הײסט עס, טעכנישנ פּאטאָס פונ זאוואָדישע פּרײַזקוראנטנ, קוויטקעס קער צו טעכניק איז אינ דער היגזיכט פארגאנצטער, ניט אזוי עקלעקטיש, אָבער אויכ קוויטקאָ פילט, ווי עס שײַנט, וועלכע געפארנ עס לויערנ דאָ אפּ אים. ער ווײסט, אז עס האנדלט זיכ דאָ אינעם גורל פונ דער דיכטונג. אָבער צי דענ איז די סאָציאַליסטישע אינדוסטריע ניט ווערט אזא קאָרבנ, ווי דיכטונג?...

קוויטקאָ ענטפערט אָפּ דער דאָזיקער פראגע פּאָזיטיוו, מיט פאנאטיזמ פונ א נעאָפיט, וואָס האָט א נײַעם גלויבנ באקומענ אונ „עסט כײלעוו מיט טשוועקעס".

„וווהינ שווימסטו ליידיקגײערקע לעוואָנע" ווענדעט זיכ קוויטקאָ צו דער טראדיציאָנעלער פּאָעטישער לעוואָנע, וואָס שווימט אזוי אומבאזאָרגט אינ איר „לוסט־שפּאציר מיט שטערנ א סטײַע אינ הויכער נאכט, אינ ווײַסער ראָד". קוויטקענ גײט עס איצט ניט אָנ. נידער מיט דער לײדיקגײערקע—לעוואָנע!

„אונ מיר פונ אלע זײַטנ שפּארנ אפּ טראמווײַענ
מענגעסווײַז, מאסנווײַז
פאָרנ מיר שטורעמענ
נעכט אינ זאוואָד".

קוויטקאָ איז פארכלינעט פונ אָט דעם נײַעם, קײנמאָל נאָכ ניט איבערגעלעבטנ שטורעמ־פּאטאָס. א געפלעפטער שפּאנט ער ארומ איבער די צעכנ. ער טאפּט, ער שמעקט ארומ פונ אלע זײַטנ אָט די „שלענגלעכ סטרוזשקעס", דעמ גרינמעסטער אונ דעמ קראָנצירקל.

נו, אונ די דיכטונג?

אַפּ דעם ענטפּערט אסקעטיש, אומפּשאָרעסדיק קוויטקאָ:

„געלאָזט כ'האָב דערוויַיל
פון יענער זיַיט שוועל פון זאוואָד
די דיכטונג —
מיַין שטענדיקן באַגלייטער".

די דיכטונג איז געבליבן אַפּ יענער זיַיט שוועל פון זאוואָד!

קוויטקאָ נעמט זיך באַוווסטזיניק אויסראָטן אין אָט די אויבנדערמאָנטע פּאָעמעס די „יאָנטעוודיקע שפּראַך" פון דער דיכטונג. אָנשטאָט דעם קומט די ברייטע, ריטמיש ניט געצאַמטע, פאַקטיש פּראָזאיִשע, געשעפטלעכע, דאָקומענטאַלע שפּראַך, די שפּראַך פון באַריכט.

„פירט אונדז אַקימיטש צום טראַקטערנעם נײַעם גיגאַנט. אַרבעטן טויזנטער צענצענער טויזנטער: דאָרפישע, שטעטלשע. שוואַרץ איז דער דרויסן דאָ. מענגעס פון שטעט און פון ערטער פאַרוואָרפענע. פליַיסיקע, בראַווע. אויך טרעפן זיך אויסוווּרפן, נעפלעך און נפעלעך, רעשט פון געוועזענעם דריגנען אַריַין און ווילן גענעזן, זיַין. ווער ס'איז פאַרווערעמט אַפּ שאָדן געריכטעט, געפּאַקט ווערט, פאַרניכטעט, און ווער ס'איז אַ פריַינט און אַפּ נוץ וויל זיך פירן קאָכט זיך דאָ איבער"...

איך האָב פון קוויטקעס פּאָעטישן טעקסט אָפּגענומען דאָס טראַדיציאָנעלע צעשפּאַלטן אַפּ שורעס און איך האָב באַקומען אָט די אסקעטיש-פּובליציסטישע אינפאָרמאַציע וועגן טראַקטערנעם גיגאַנט. אַזוי ווי סאַניקאָוו לאָזט זיך אויך קוויטקאָ מיט גרויס היספּיַילעס צו קאָמפּראָמעטירן די אַמאָליקע פּאָעטישע טראַדיציעס מיט טעכנישע פּריַיזקוראַנטן און טאַבעלעס. ער שריַיבט:

„נעמט דעם דעטאַל 350:
אין צושטאַנד אין רויען—
וועגט ער 255 קילאָ,
נאָך דער באַאַרבעטונג קומט ער אַרויס
מיט קילאָ 76,
און פון 179 קילאָ קאָסטבאַרן קערפּער
כראָמאָניקלנעם שטאָל, —
ווערן שלענגעלעך סטרוזשקעס
מיסט פון זאוואָד".

(אין טראַקטער-צעך).

כ'לייקן ניט, אַז די ראָל פון אַזעלכע טעכניש-געשעפטלעכע מאָנטאַזשן איז זייער אַ פּאָזיטיווע באַ אַ ריי שריַיבער, באַם באַדינג, ווען עס ווערט אָפּגעהיט דער געפיל פון מאָס, פון קינסטלערישער מאָס. דער איַינגעמאָנטירטער טעכנישער לעקסישער שטאָף ווירקט מיט אַ באַדיַיטנדיקער קראַפט, ווען ער שטעלט פאָר מיט זיך אַ דעטאַל. די לאַגע אָבער ווערט געפערלעך און פירט צו דער קאָנסטרוקטיוויסטישער ליקווידאַציע פון דיכטערישער ספּעציפיק, ווען דער דיכטער הייבט אָן פאַרוואַנדלען זיַינע פּאָעמעס אין עמפּיריש-פּובליציסטישע אינפאָרמאַציעס וועגן דעם, אַז ס'איז שווער „אָנגעקומען דאָ דער שטיק: כוץ דער מידבער-וויסטע. כוץ דעם טיַיכס, דער ווילדער שטראָם האָט שטענדיק דאָ געפעלט בריקבוי-מאַטעריִאַל, פּראָדוקט, כראָם,—נאָר ניט געפעלט האָבן ליידיקגייער און שעדיקער".

דאָ ווערט שוין דער דיכטער קוויטקאָ געשטעלט אָן שום סאָפעק פאַר אַן אָפּגרונט. דער קאַמפּ פאַר נײַעם אויסדרוק הויבט דאָ אָן צו דראָען מיט דיכטערישן זעלבסטמאָרד. אָנשטאָט צו

באוויַזנ די פילפארביקייַט פונ יענעמ פראָצעס, וואָס הייסט סאָציאַליסטישע בויונג, לאָזט זיכ אראָפּ קוויטקאָ צו פּראָזאַישער דערציילערישקייַט. נעמט, לעמאָשל, די פּראָבלעמ פונ באוויַזנ דעמ בעסטנ מייַסטער, דעמ העלד פונ אונדזער פינפיאָר. קוויטקאָ ווידמעט אָט דער דאָזיקער אויפגאבע פאָלגנדיקע שורעס:

לויב אונ רומ נייט ארומ וועגנ מייַסטער פונ קאליברענ
זייַנ נאָמענ מיט שוואָכימ געקרוינט
איבער אלע זאוואָדנ,
קיינ גלייַכנ צו אימ ניטאָ,
וואָס זאָל קאָנענ די קונסט אזוי טיפ
אינ גאנצ פססר.
האָב איכ זיכ עטלעכע טעג געקלייבנ
א קוק טאָנ אפ אימ
צוליב איינענעמ נאכעס,
ווי אויכעט צוליב א ליד פונ אימ שרייַבנ".
(אינ טראקטער־צעכ).

דער פאטעטישער, פסעוודאָקלאסישער „לויב אונ רומ" וועגנ מייַסטער פונ קאליברענ גייט ניט ווייַטער פונ פובליציסטישער אינפאָרמאציע וועגנ דעמ, אז קיינ גלייַכנ צו אימ איז ניטאָ אונ ענדיקט זיכ מיטנ דיכטערס מודיע זייַנ זיכ, אז ער—דער דיכטער—האָט זיכ געלאָזט צו אָט דעמ מייַסטער „צוליב איינענעמ נאכעס, ווי אויכעט צוליב א ליד פונ אימ שרייַבנ".

ווי קליינ, ווי שטעטלדיק־היימיש אונ „נאכעסדיק" עס איז געוואָרנ דער גאנצער אינייַנ פונ ווייַזנ דעמ העלד פונ סאָציאַליסטישער בויונג!

בא אזא מינ צוגאנג איז קוויטקאָ פארורטיילט צעפאטערנ אפ עמפּיריש קליינגעלט די סאמע דראמאטישע מאָמענטנ פונ אונדזער אינדוסטריאַליזאציע־טעמאטיק. איכ וועל ברענגענ בלויז איינ בייַשפּיל. אינ טראקטער־צעכ האָט דער דיכטער קוויטקאָ זיכ אָנגעשטויסנ אָנ אנ אינטערעסאנטנ עפּיזאָד: אינ פּראָצעס, בא צעלייגטע פייַערנ באטאָג אונ באנאכט ארבעטנ סאָציאַליסטישע בויער־שלאָגלער. ווי אייַכ איז באקאנט האָט די דאָזיקע טעמע באקומענ איר קינסטלערישנ אויסדרוק אויכ אינ קאמענעצקיס „באלאדע מיט א לירישנ אָפּנויג":

„מיטאמאָל אינ זאווייע אינ בלענדיקנ שנײ
האָט דער אוילעמ פארבייַ דורכגעטראָגנ אזוי
די פאריסענע קעפּ אונ די פלאמיקע טעפּ".

קאמענעצקי האָט געשאפנ א העראָיש־ראָמאנטישע באלאדע פונ יענע אומפארגעסלעכע נעכט, ווענ בא פייַער־טעפּ, אינ פראָסטיקער זאווערוכע האָט א קאָלעקטיוו שלאָגלער געשטורעמט א דורכרייַס.

צי איז עס איז ניט בעעמעס קיינ שטאָפּ פאר דער שענסטער העראָישער באלאדע פונ אונדזער צייַט!

אונ ווענ דאָס גאנצע בויער־שטעטל ווייַבער אונ קינדער אונ אלטע לאָזנ זיכ פונ די באראקעס אינ זאווערוכע, אינ פראָסט מיט היימישע פייַער־טעפּ אינ די הענט, צו זייערע מענער אפ די רישטאָוואניעס, קעדיי צו דערווארעמענ זיי אונ העלפנ זיי פאָרזעצנ די ארבעט אינ א פראָסטיקער נאכט,—צי איז עס ניט קיינ שטאָפּ פאר עכטער נייַער ליריק פונ

סאָציאַליסטישער אינדוסטריאַליזאַציע? קוויטקאָ אָבער האָט „אַפ יענער זײַט שוועל פונ זאוואָד איבערגעלאָזנ זײַנ דיכטונג זײַנ שטענדיקע באַגלײטערנ". אסקעטיש קימאַס, טרוקנ דערציילט ער וועגנ דער זעלבער געשעעניש:

„אוואַרע!
עס קענענ די קעלטנ
קיינ שטערונג ניט זײַנ:
פײַערס צעלייגט מענ
אונ צעמענט אונ ציגל מע וואַרעמט.
מע שטעלט שוינ וואַרשטאַטנ
אינ אייניקע צעכנ אַרײַנ
אונ אַנדערע צעכנ יאָגט מענ אַרופ
באַטאָג אונ באַנאַכט מיט כיישעק אַזאַ מינ,
וואָס וועלט ניט געזענ נאָכ!"

דעמזעלבנ צינז איבערגעטריבענעם פּראָזאַיִזם אונ אסקעטישקײַט האָט געצאָלט א לענ־גערע צײַט אינ זײַנע לירער, געווידמעט דער סאָציאַליסטישער בויונג, מ. כאַשטשעוואַצקי. כאַשטשעוואַצקי, וועלכער האָט באַדאַרפט בא זײַנ איבערגיינ צו דער טעמע פונ דער סאָ־ציאַליסטישער אינדוסטריאַליזאַציע ראַנגלענ זיכ מיט א היפּש ביסל „נאַכטישע אָרכימ" פונ זײַנ דיכטערישער פאַרגאַנגענהײַט,— כאַשטשעוואַצקי האָט אויכ געפּרוווט איבערבויגנ דעם שטעקנ, קעדיי באַקומענ א נײַעם עפעקט. אַפ דער זעלבער טעמע פונ טראַקטאָר־בוי האָט כאַשטשעוואַצקי געשריבנ:

„2000 ציגל!
דערלאַנג!
— 2000 ציגל מיט הונדערט!
— דריטאַלבנ טויזנט!
— פאַראַנ!
— דרײַ טויזנט ציגל.
ביט אונטער:
פונ אינדערפרי אונ ביז שפּעט.
טיפ איבער נאַכט אונ ביז טאָג־ליכט
מונטערער אַרבעט־געוועט
שווערער געוועט פונ די שלאָגלער".

דאָס זאָל באַדײַטנ נײַער סטיל! מאַטעמאַטישע גענויקײַט!

אינ זײַנ ליד וועגנ בליומינג, וואָס איז בעעמעס ווערט צו באַזונגענ ווערנ פונ אונ־דזערע פּאָעטנ, זעצט פאָר כאַשטשעוואַצקי די זעלבע דיכטערישע „אַריטמעטיק".

„ס'ווילט זיכ אײַכ וויסנ די גרויס זײַנע—נאַט,
אָט זײַנענ דאָ פינקטלעכע צאָלנ:
פאַר א יאָר לאָזט ער דורכ—אָט דער שטאָלענער יאַט
זעקס מיליאָנ פּוד שטאָל.
זײַנ הונגער איז גרויס—ניט אַפ בולקע מיט שמאַלצ
אונ זײַנ דאָרשט—ער האַלט שטענדיק אינ ברענענ,
אַפ קאָנענ צו זעטיקנ אימ מיט מעטאַל
באַדאַרפ מענ 14 הונדערט־טאָניקע מאַרטענענ",

די פינקטלעכקיַיט פון דער דיכטונג איז דאָך אָבער ניט די פינקטלעכקיַיט פון צאָלן! ניט די זעקס מיליאָן פוד שטאָל באַשטימען דעם פאַטאָס פון אונדזער בליומינג און יענע פּראָצעסן פון סאָציאַליסטישער איבערבויונג אין דער עקאָנאָמיק, און אין באוווסטזיַן, וואָס באַגלייטן אָט די דאָזיקע פּראָצעסן. דערביַי איז ווידער אמאָל אינטערעסאַנט אָנצוּווײַזן וויאַזוי דער גרויסשטאָטישער אמפּיזם ווערט בא אונדזערן א דיכטער איבערגעפלאָכטן ניט זעלטן מיט אסאָציאַציעס וועגן שטאָלענע „יאטנ״, וואָס „ריַיבן אריַין בולקע מיט שמאלצ״,—פארשטייט זיך, אסאך, גאָר אסאך בולקע מיט שמאלצ!...

ניין, עס פאסט ניט, בעפּיירעש עס פאסט ניט אונדזער דיכטונג אָט דער איבערגעטריבענער מאטעמאטיש־געשעפטלעכער סטיל, וואָס פאַרט זיך גאָר אָפּט מיט היימישע שטעטלדיקע אסאָציאַציעס.

כ׳וועל זיך ניט אָפּשטעלן אפ א ריי פּרוּוון פון אזא דיכטער, ווי האָפשטיינ „אפ דער עלטער״ צו שקאָצעווען מיט ענלעכע ארכיאמפּיסטישע איַינפאלן. האָפשטיינ האָט דאָך אמאָל געפּרוּווט אפילע איבערבויען זיַין דיכטערישע פאָנעטישע ווירטשאפט אין העסקעם מיט די „אפריקאטנ״ פון דער מאשינען־מוזיק, לויט אלע געזעצן פון אמאָליקן פּראָלעטקולט. איך וועל ברענגען בלויז איינ ביַישפּיל, ווען האָפשטיינ באארבעט א טעמע וועגן וועלכער איך האָב שוין אויבן גערעדט. אָט זיַינען האָפשטיינס סטראָפעס:

„פארקאָוועט האָט קעלט די טרויבן
ווארשטאטן. קאָרפּוסן—טויט,
לעכער פינצטערע, דאָמנעס פּראָסטיקע
קעסלען ראָסטיקע אין שטויב,
אין שטויב, אין בראָך
פון זאחאָדישער טרויב קיין רויך,
בלוט האָט זיך צעשפּריצט אפ מאשינעס,
עס שריַיען בלויז שווארצע קראָען
אפ די פּלייצן זיי שריַיען ביַיז,
נאָר אויך מיט הונגער אונדז ניט צעבראָכן
ניט דערשטיקט דעם בלאָקאדעס שטריק
די האָרנע מיט פיַיער שוין פּאָכעט,
עס רופט דער הודאָק, דער הודאַק
רופט, דער הודאָק״.

ווידעראמאָל האָבן מיר פאר זיך יענעם העראָישן שטאָפ, וואָס איז באארבעט געוואָרן אין קאמענעצקעס טאלאנטפולער פּאָעמע „א באלאדע מיט א לירישן אָפּנויג״, אָבער זעט, וואָס בא האָפשטיינען האָט זיך באקומען: פארקאָוועט האָט קעלט די טרויבן. עס שריַיען שווארצע קראָען, נאָר (ווי עס פּירט זיך!) אויך מיט הונגער אונדז ניט צוּבראָכן! און... די האָרנע מיט פיַיער שוין פּאָכעט, עס רופט דער הודאָק, דער הודאָק, עס רופט דער הודאָק.

גוּיווער זיַינען די אימפּרעסיאָניסטיש־נאציאָנאליסטישע פארגאנגענהייַט, גוּיווער זיַינען דעם אלטן מוזיקאלישן רעזשים—הייסט ניט אומקערן זיך צו די אויסגעדראָשענע סענטימענטאלע „שווארצע קראָען״ און צום פּרימיטיוון „הודאָק״.

אָט דער גאנצער מאטעריאַל, וועלכן מע וואָלט געקענט פארגרעסערן, זאָגט איידעס וועגן דעם, אז די געפאר פון קאָקעטירן מיט אסקעטיזם, באוווּסטזיניק אָדער אומבאוווּסטזיניק שטייט פאר א ריי פון אונדזערע דיכטער, באזונדערס פאר די, וועלכע

האָבנ אמאָל געליטנ אפ עסטעטיזם אונ אָפּגעריסנקייט פונ אונדזער רעאַלער ווירקלעכקייט. עפשער דעריבער זיינענ זיי אזוי פארשמייעט, ווענ זיי קומענ אינ זאוואָד.

— *וו י א י נ א מ אָ נ א ס ט י ר פּ י ל נ ז י י ז י כ ד אָ ר ט*! ס'איז עפּעס א מינ ליטעראַרישער דוכענענ אפ דער איבערגעקערטער זייט!

צוליב א קאַלאמבור וואָלט איכ זיכ דערלויבט פארופנ אפ יענע קוויטקעס שורעס, ווו ער, דער דיכטער, דערציילט גאנצ אָפנהערציק וועגנ זיינע ערשטע טעג אינעם טראַקטער-צעכ:

פארשמייעט, פארוואקסנ מיט באָרד מיט געדיכטער
צו היציק געוועננ איז מיינ פּלייס
אינ די ערשטע פּאָר טעג
שוויציק, אינ איילעניש, טעג ניט געגאָלט זיכ
טייקעפּ צו אלעמ געכאפּט זיכ,
נאָכ איידער פארשטאנענ דעמ זינ פונ טועכצ
פארבייט איכ דעמ גרינמעסער מיטנ קראַנצירקל".

דער אוילעמ ארבעטער-שלאָגלער אונ דער אלטער מייסטער קוקנ אפנ דיכטער מיט א לייכטנ שמייכעלע. זיי זיינענ שוינ געוווינט צו אזעלכע. די ערשטע טעג איז שטענדיק אזוי: פארשמייעט, פארוואקסנ, מיט באָרד מיט געדיכטער אונ מיט היציקנ פּלייס. אונ דער פּראָצעס פונ סאָציאַליסטישער אינדוסטריאַליזאציע איז נאָכ פאר אָט דעמ מינ דיכטער עפּעס א מינ „געהיימע טועכצ". אונ דער אלטער מייסטער שריים ארייַנ אינ אויער דעמ דיכטער „טאָקער טאָק זיכ אָפּ די באָרד".

כ'מיינ ס'איז א פּאָזיטיווער לאָזונג: *מע דארפ זיכ אָפּטאָקנ די באָרד*. ארומגאָלנ זיכ! ארומפּוצנ זיכ! (יאָ. ארומפּוצנ זיכ). אופהערנ ארומצולויפנ פארשמייעט! ניט מוירע האָבנ פאר דער לעוואָנע, פאר א זינגעוודיקער שורע, פאר א שיינעמ מעטאפער. מאכנ א סאָפּ צו אסקעטיזמ, וויילֿ דאָס איז בא דעמ מינ דיכטער *די איבערגעקערטע זייט פונ עסטעטיזם*.

די קריטיק אָבער דארפ וויסנ, אז דאָס אלצ איז ניט קיינ קאפּריז, דאָס זיינענ ביי-הויצאָעס, וואָס מיר מוזנ זענ דערפירנ צו מינימום. די קריטיק דארפ אויכ וויסנ, אז אינ אָט דעמ אסקעטיזמ, אינ אָט דער שטרענגקייט פונ טאָנ, אינ אָט דעמ דראנג נאָכ פּראָזאירנ די שורע, נאָכנ מאָנטאזש פונ געשעפטלעכנ שטאָפ שטעקט א *רעאקציע קעג אלטע עסטעטישע כאטאָים*. מע דארפ בלויז צודערצייט קענענ *וואָרענענ פונ גוזמאָעס*. מע דארפ קענענ ווייזנ אי קוויטקענ, אי כאשטשעוואצקענ, האָפשטיינענ אונ פיל אנדערע יונגע, וואָס פרווונ נאָכמאכנ די עלטערע (ווייַנערמאנ, לעמאָשל, אינ אייניקע ערטער, אָליעווסקי א. אנד.), אז די איינציקע גאראנטיע פונ דערפאָלג איז ניט בלויז דער גראד פונ באוווסטזיינ, וואָס פארהיט פונ נאטוראליזמ, נאָר אויכ דער געפיל פונ קינסטלערישער מאָס. אינ זיינ בוכ „פּלאסטנ" באנוצט זיכ פּעפער גאנצ אָפט מיט „פּראָזאיזמענ" מיט מאָנטירנ פּראָטאָקאָל אָדער רעדע, אָבער עס שאָקירט ניט, וויילֿ אזא מינ אפּליקאציע (ארייַנגעקלעפּטער „אויסערליטעראַרישער" מאטעריאל) גיט דעמ דירעקטנ אָטעמ פונ דער ווירקלעכקייט לויטנ געזעצ פונ קאָנטראסט.

א ריי קאפּיטלענ פונ קוויטקעס „טראקטער-צעכ" ווירקנ אויכ מיט דער זעלבער קראפט איב וועל ברענגענ איינ ביישפּיל.

קוויסקע שרײַבט:

„מיר איז איבערגעגעבנ אינ מײַנע הענט די מאשינ
מיט אָט דעמ האנט־גריפ באהערש איכ די ערשטע קראפט
פונ דער וועלט —

דאָס עלעקטרישע פײַער
מיט יענעמ קנאָפ—די צווייטע וועלט־קראפט —
דאָס וואסער.
איכ וואלגער ארופ דעמ שווערסטנ קלאָצ
פונ טשוהונ צי פונ שטאָל, —
אבי מײַנ פאטראָנ נעמט אימ אפ די צײנ
אונ כלאָז אפ אימ אָפ—געהיט אונ בעניט —
די וווּנדער־קויכעס די צווײ
אונ כ׳שאפ פונ דעמ קלאָצ
א גופ, א געשטאלט,
א נוצלעכ געשעפט,
איכ האלט אינ די הענט אונ פיר מיט זײ אָנ
מיט קרעפטנ מיט גרעסטע פונ לעבנ אונ וועלט:
פײַער וואסער...״

•

דאָס איז א קאפיטל פונ „טראקטער־צעכ״.

האלטנ אינ די הענט אָט די „צוויי גרעסטע קרעפטנ פונ לעבנ אונ וועלט״ אונ אונטערשפריגענ אינ א ג ע ז ע צ מ ע ס י ק נ י א מ ב אונ שלײפנ א גראמ, אונ צוזוכנ א מעטאפאָר פאָרט זיכ נית...

קוויסקע שאפט דעריבער דאָ א ש ט ר ע נ ג ע א ט מ אָ ס פ ע ר פונ א לאבאָראטאָריע. דאָס שפּאָרזאמ וואָרט איז דאָ קינסטלעריש—פרוכטבאר.

דער גײַסט פונ איבערגעטריבענעמ אסקעטיזמ שוועבט צומאָל אויכ איבער אײניקע אונדזערע, יונגע, לעסאָשל, איבער דער פּאָעמע „שאכטעס״ בא ב. אָליעווסקען. אָט דערדאָזיקער גאָר יונגער סאָוועטישער פּאָעט איז געקומענ אינ דער ייִדישער ליטעראטור, ווי באקאנט, מיט אידיליש־כײנעוודיקע שטעטלדיקע מאָטיוונ אינ א היפשער מאָס באפלעקטע מיט א געוויסנ רעקוויעמ־טאָנ איבערנ אונטערגאנג פונ זײַנע שטעטלדיקע געשטאלטנ. זײַנ ערשט ביכל לידער האָט געקויקט דעמ לײענער מיט הארציקע לירישע פּייזאזשנ אונ קינדערישער "אומיטלבארקײַט. ווו איז דאָס אלצ אהינגעקומענ אינ דעמ בוכ „שאכטעס״? צי דענ האָט דער יונגער־ אָליעווסקי אויכ באראפט איבערבויגנ דעמ שטעקנ, קעדיי גיוווער זײַנ דעמ שטעטלדיק־באגרענעצטנ עלעגישנ טאָנ פונ זײַנע ערשטע לירישע לידער?

אָליעווסקי, ווי ער אלײנ איז זיכ מודע שטעלט זיכ אפ דער וואכ פונ זײַנ סטראָפע „ווי א שטרענגער מיליציאָנער״, קעדיי פרעמדע אידעאָלאָגישע צוג־ווינטנ זאָלנ נית וואנקלענ זײַנ דיכטערישע סטראָפע „וארנמ ער אינ זיכ דאָס ליד״. אינ דראנג נאָכ א צענט־ראליזירטער פאבול לאָזט ער זיכ אפנ וועג פונ טרוקענער דערציילערישקײַט, מיט איבערגעטריבענער היספּײַלעס פאר שלאָגלערישע „אינ דער מאמעס מאמענ אונ די צוועלף אפּאָסטאָלנ״.

ווידעראמאָל א באווײַז ווי געפערלעכ עס איז דערדאָזיקער וועג.

אָבער אָנ אנערעכ א גרעסערע געפאר שטעלט מיט זיכ פאָר די סטיכיע פונ אויבנופּקײַט אונ אומפאראנטוואָרטלעכקײַט בא א ריי אונדזערע שרײַבער, ווענ זיי גײענ צו צו

דער טעמע פון סאָציִאַליסטישער אינדוסטריאַליזאַציע. וואָס אויב ניט איבנופיקײַט און מאַנגל פון עלעמענטאַרער פּאַראַנטוואָרטלעכקײַט האָט געקענט דיקטירן א. קאַהאַנען פּאָלגנדיקע שורעס וועגן דער סאָציִאַליסטישער בויונג און שלאָגבריגאַדעס:

„בראַווי, זאַמד און צעמענט,
מיש־מאַשין אין רויש,
פענצטער קנײַטשן ברעמען
ס׳גייט דאָ אויף א הויז,
ס׳קומט דאָ אויף א קאָרפּוס
זע נאָר אָט די לענג!
זאַמד אין ווענעלעך-טאָרבעס
טראָג און שלעפּ און ברענג,
שלאָג־בריגאַדעס וואַקסן
און די אַרבעט ברענט.
דערלאַנגט אַהער די אַקסל,
דערלאַנגט אַהער די הענט".

ס׳איז גענוג כאַפּן א קוק אויף אָט די „פענצטער קנײַטשן ברעמען", אויף אָט דער באַלעבעסלדיקער היספּײַלעסדיקער „זע נאָר אָט די לענג", קעדיי דערפילן ווי א גרויסע טעמע קאָן ווערן ביזן גרונט דיסקרעדיטירט.

א היפּש ביסל אילוסטראַציעס פאַר ליטעראַרישער אומפאַראַנטוואָרטלעכקײַט גיבן גילדינס לידער אויף טעמעס פון סאָציִאַליסטישער בויונג. גילדין קאָקעטירט אין זײַן „דנעפּרבוי" מיט זײַנע טעכנישע ידיעות. ער פילט אָבער ניט ווי זײַנע אויסגעטראַכטע, אָפטמאָל געשמאַקלאָזע מעליצעדיקע מעטאַפערעס פאַרטרעטן אַוועק די גאַנצע שטימונג. אָט שרײַבט גילדין, וועלנדיק באַזינגען דעם פּאַטאָס פון אונדזער אַרבעט: „און דופּטיק שמעקט דער הייסער שווייס, ווי פּרילינגדיקער טוי". ווי געפעלן אײַך די „סאָציִאַליסטישע דופּטנ?"

די דאָזיקע „דופּטיקע" מעליצע כאַזערט ער איבער אין דער פּאָעמע „דנעפּרבוי" און אין אַנדערע זײַנע לידער עטלעכע מאָל. די געשמאַקלאָזיקײַט פון „דופּטיקן שווייס" געקיפּלט אויף פּאַסטאָראַלישן „פרילינגדיקן־טוי" איז קלאָר פאַר אַלעמען. איך וועל ברענגען נאָך א בײַשפּיל פון אַן ענלעכער געשמאַקלאָזער מעליצע. וועגן עקסקאַוואַטאָר און זײַן טעכנישער שיינקײַט שרײַבט גילדין אַזוי:

„שוואַרצע וואָלקן,
פרישטשען אויס זײַן שטאָלץ פאַריסן העלדזל,
פעסט דעם האַלדז צום נאַקן בינדן
שווערע
גראָבע צעפּ".

אויסגעפרישטשעטער „שטאָלץ פאַריסן העלדזל" פונעם עקסקאַוואַטאָר געקייפּלט אויף ראָמאַנטישע „שווערע גראָבע צעפּ" (פונוואַנען פלוצלינג צעפּ?),—צי דען איז עס ניט קיין ווילקיר פון געשמאַקלאָזיקײַט?

די בעסטע אינדזערע דיכטער האָבן שוין באַוויזן געבן א רײ מוסטערן פון באַהערשן דיכטעריש די אינדוסטריִאַליזאַציע־טעמאַטיק. באַדײַטנדיקע דערגרייכונגען האָבן אין דעם געביט אַזעלכע פּאָעטן ווי פעפער און כאַריק.

פעפערן געהערט מיט רעכט דער נאָמען פון א פיאָנער אפן דאָזיקן שווערן וועג. ער האָט איינער פון די ערשטע אין א ברייטן מאסשטאב אופגעהויבן די פראָבלעם פון סאָציאַליסטישער בויונג אין אונדזער דיכטונג דורך זײַן פּאָעמע „געפונענע פונקען“ (דנעפּרבוי). שוין דאָרטן האָט פעפער באוויזן, אז ער געהערט ניט בלויז צו די, וואָס זײַנען געוואַקסן אין זייערע טעמאטישע זוכענישן, נאָר ער איז אויך באַרופן צו וואגן. אין „געפונענע פונקען“ איז נאָך פעפער אין א באַשטימטער מאָס הילפלאָז דאָרטן, וווּ עס האנדלט זיך וועגן באַזינגען דעם טעכנישן פּאַטאָס פון אונדזערע „עקסקאוואַטערס אין שטאָלענעם, אין שטאָלצן וואַרפ“, די לאַסט פון שטעטלדיקער באַגרענעצטקייט, פון סטיליזירטער דאָרפישער אידילישקייט און זינגעוודיקער כטיכיי קוועטשט נאָך אפ דערדאָזיקער פּאָעמע. אָבער שוין דאָ האָבן מיר א ריי גלענצנדיקע בויונג־פּייזאַזשן. שוין דאָ ווערט אַנטפּלעקט אין א גרויסער מאָס פעפערס העראָישע פּאַטעטיק אין זײַן געזאנג פון די „שרײַענדיקע הענט“. פעפערס לעצטער בוך „פלאַסטן“, געווידמעט די פּראָבלעם פון סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע אין דאָנבאַס, איז בא א ריי כעסרוינעס ווידעראַמאָל אַן איידעס פון פעפערס געוואַקסקייט. אוואדע איז דערדאָזיקער בוך ניט גלײַכמעסיק אָנגעשריבן. פעפער ווערט דאָ אין אייניקע ערטער פאַרכלינעט פון דער אַלגעמיינער „גראַם־סטיכיי. דענסטמאָל ציִען זיך אומנוצלעכע איבערכאַזערונגען און פּאַראַלעלן.

„איבער לאָוועס, איבער שטרעקעס, איבער שוואַרצע קאַרידאָרן,
ווי אפ פלינקע וואַגאָנעטקעס איז א קלאַנג ארומגעפאָרן,
אפ פאַרקוילטע שוואַרצע ליפּן אין די לאָוועס אין די ענגע
אפ די שטערן די צעקנייטשטע איז דער קלאַנג געבליבן הענגען.
האָבן אויגן זיך צעעפנט, האָבן העמדער זיך צעכראַסטעט,
האָבן ווערטער זיך צעשפּרונגען איבער גלאַטן גלאַנץ פון פלאַסטן,
איבער גלאַטן גלאַנץ פון פלאַסטן האָבן ווערטער זיך צוטופּעט,
איבער לאָוועס, איבער שטרעקעס האָט די סינע זיך צעכליופּעט
האָבן פויסטן זיך געהויבן איבער שעטעכן צו קאַסטע,
האָבן ליפּן זיך צעפלאַקערט, האָבן ווערטער זיך צעכראַסטעט“.

אויך פעפער ווערט אין א ריי ערטער געפאנגען פון איבערגעטריבענעם אַסקעטיזם. דענסטמאָל קאָקעטירט ער מיט דעם, אז ער איז אַן „אַנקעטשיק“, דענסטמאָל איראָניזירט ער איבער ראָמאַנטיקער און לירִיקער. אָבער דער דיכטער—פעפער איז שטאַרקער פון די אָדער יענע צײַטווײַליקע ליספּראָנטיש־אַסקעטישע גרימאַסן. דעמלט גיט פעפער גלענצנדיקע סאַטירישע גראָטעסקישע געמעלן פון פאַסקודנע פאַרשוינען אין דאָנבאַס און העראָיש־פּאַטעטישע געזאַנגען וועגן סאָציאַליסטישער שלאָגלערײַ, דענסטמאָל איז פאַר פעפערן ניט גענוג צו דערציילן,—ער באַווײַזט נײַע מענטשן אין נײַער האַנדלונג. דענסטמאָל איז פעפערן ניט גענוג צו דערציילן וועגן סאָציאַליסטישן פאַרמעסט—ער באַווײַזט אָט דעם פאַרמעסט, ער געפינט די נייטיקע קינסטלערישע דעטאַל. ער שאַפט א נײַעם פאָלקלאָר פון אונדזער בויונג העראָיק, נײַעם זשאַנר־בילד.

אָט ווי עס באַקומט זיך בא פעפערן:

נידעריקע סטעליע,
גלאַנצנדיקער פלאַסט
גליטשן זיך די קוילן
אפ דער לאַנגער גאַס,

הירזשען די זשעלאָנגעס
גלײַך און צעקאַסט,
נידעריקע סטעליעס
גלאַנצנדיקער פלאַסט,
שאַרפע קײלעס,
שאַרפע הענט,
פאַלן קוילן
פון די ווענט,
נאָך א קלאַפּ
און נאָך א שיט,
שיט זיך גוטער
אַנטראַציט".

אָדער, לעמאָשל, גיט א קוק, ווי אַזוי פעפער שרײַבט וועגן א דורכרײַס אין שאַכטע

„און נאָכדעם ציט זיך די סעריע
בראַק:
שאַכטע ענערגיע
רײַט אַף א ראַק.
דער ראַק איז רויט,
די שאַכטע טויט,
דער ראַק איז רויט
שוואַרץ איז דער פלעק
לײגט זיך דער פלעק
אַף יעדער שטרעק.
יעדער לאַווע
יעדער שאַכטיאָר,
עס הענגט דער פלאַן
אַף א האָר".

בײדע אויבנציטירטע דיכטערישע טעקסטן זאָגן אײדעס וועגן דעם, וויאַזוי נײַער ערשט־אויסגעפאָרמירטער סאָציִאַליסטישער שטײגער ווערט שוין אָפּגעזויצט אין פאָלקלאָר, אין פאַרביקן געזאַנג, אין שטײגער־דעטאַל.

די בעסטע זײַטלעך פון אָט דעם בוך זײַנען די, אין וועלכע דער דיכטער איז א מענטש מיט א וואַכזאַם אויג, וואָס דערזעט דעם ביוראָקראַט, דעם שלאָגלער, דעם פליִער און דעם „פרײלעכן פאַסטעך" פון נאָווא הראַמאַדאַ פאַנאַסעק.

מאַמעש א געווינס פאַר דער טעמאַטיק פון סאָציִאַליסטישער אינדוסטריִאַליזאַציע שטעלן פאָר מיט זיך כאַריקס לעצטע ווערק „קײַלעכדיקע וואָכן".

אַוואַדע קומט אויס כאַריקן אויך דורכצומאַכן א שווערן וועג און גרויער זײַנען אַסאַך שטרויכלונגען.

שוין דער עצעם פאַקט, וואָס כאַריק האָט אין זײַן בוך „קײַלעכדיקע וואָכן" מער דיכטערישע ענערגיע און קינסטלערישן גלאַנץ אָפּגעגעבן דעם „אוראַלט", „צעשפּרײטע טאָרפן" אײדער דעם ליכט־מאַגיסטראַל" פון אַסינסטאַן; דער פאַקט, וואָס כאַריק האָט דאָך ניט געוואָגט אויסצובויען א פּאָעמע מיט א צענטראַליזירטער סיסטעם געשטאַלטן און איז געגאַנגען אַפּן וועג פון אַן אײגנאַרטיקן סיוזשעטלאָזן פילם—דאָס אַלץ זאָגט אײדעס, אַז

אויך פאר כאריקן שטייען גרויסע שוועריקייטן באם אופהויבן אין ברייטע ליַיוונטן די טעמאטיק פון אונדזער סאָציאליסטישער אינדוסטריע. כאריקן האָט זיך ניט אומעטום איַינגעגעבן באפריַיען זיך פון טראדיציאָנעלע מעטאפאָרעס, לעקסישע אסאָציאציעס, וואָס פאסן זיך ניט צום אינדוסטריעלן פייזאזש. מיר איז שוין אויסגעקומען אין מיַינער א גרעסערער ארבעט וועגן כאריקס „קיַילעכדיקע וואָכן״ אָנצוּוויַיזן, אז כאריק האָט נאָך ניט באהערשט איינגאנצן די נייַע עסטעטיק פון „פארשיקערטן און פארליבטן אין טאָרף״ עקסקאוואטער. ווען כאריק שריַיבט שטייגערדיק-שטעטלדיק וועגן דעם עקסקאוואטער, ווי וועגן א פרעסער, וואָס שלינגט ווי לאבנס סקיבעס טאָרף; ווען „אוראלטע בלאָטע גייט אוף געראָטן״, אין מאשינעס-קאנטאקט, ווען כאריק אסאָציירט טאָרף-ענערגיע מיט ראָשטשינע וואָס גייט אוף מיט כּעס אין דער טיף, — האָבן מיר צו טאָן מיט א לאסט פון אלטע טראדיציאָנעלע מעטאפאָרעס אין אלטע לעקסיק. ווען כאריק וויל איבערגעבן טעכנישן פאטאָס פון אונדזער אינדוסטריאליזאציע פאלט ער אפילע צומאָל אריַין אין אזעלכע שורעס:

„אין בראנד, אין געיאָמער פון שיַין,  
אין שרעקלעכן שריַיען פון דאמפ  
וועט די טורבינע אין קאמפ  
טריַיבן דעם ליכטיקן וויַין.

„דער בראנד און דער געיאָמער, דאָס שרעקלעכער שריַיען״. דאָס איז, אָבער פארשטייט זיך, א צופעליקע סטראָפע בא כאריקן.

א קינסטלער מיט גרויסערר קולטור און טיפן געפיל פון פאראנטוואָרטלעכקייט פאר אונדזער דיכטונג, האָט כאריק זיך געוואָרפן אין די פאָרנטיקע רייען פון קאמף פאר טעמאטיק פון סאָציאליסטישער אינדוסטריאליזאציע. זיַינע דערגרייכונגען אין „קיַילעכדיקע וואָכן״ זיַינען זייער באדיַיטנדיקע. כאריקס פאטעטיש געזאנג וועגן סאָציאליסטישן אוראל: כאריקס זשאנר-בילדער פון סאָציאליסטישן געוועט, כאריקס ליריש-עפישער געזאנג וועגן טאָרף, סאָצגעוועט פארבליַיבן ווי מוסטערן אין דער יידישער סאָציאליסטישער דיכטונג.

„פאלט א ראָסע אף די מאָכן  
און עס ציט מיט נעפלען גריַיז,  
איז ארויס דער ערשטער באָכער  
פון דעם איַינגעשפארטן קריַיז:  
היי סאטוליא, היי מאמוליא,  
ס׳ווילט דיַין זון אביסל הוליען,  
ווער עס ארבעט אין קאריערן  
יענער ווישט פארשוויצט דעם שטערן.  
ווער עס שטייט באם עלעוואטער  
יענער קומט צוריק א מאטער״

אזוי שאפט כאריק בעפיירעש א פאָלקס-קארנאוואל פון סאָציאליסטישע שלאָגלער אין די טאָרפישע קאריערן. כאריק איז וויַיס ניט קיין אסקעט, ער זעט ניט קיין איינריַיס צווישן זאוואָד און דיכטונג.

ער האָט ניט מוירע—כאריק—פאר העראָישע ראָמאנטיק, וויַיל סאָציאליסטישע בויונג איז בא אים ניט א פאָר צענדליק טויזנט ציגל, נאָר א געפעכט פון עפּאָכעס. דעריבער

איז זײַנ בוכ „קײַלעכדיקע װאָכנ“, געשריבנ מיט פעטנ עפּאָכע־שריפט. דעריבער איז אזוי רײַכ זײַנ אסאָציִאציעס־װעלט: אוראלט. מאמאָנטנ. כעזקל גאָמבינער. דער פּארפּײַניקטער קאָניוכ באם גראפ. גאָלדענע לעװאיע. קארנאװאל פונ שלאָגלער. מינסקער בלאָטעס.

ס'איז ניט קײנ אָנגעלאָפּ פונ צופעליקע „געמישטע פלאכנ“. די אידיי פונ סאָציִאליס־טישער עלעקטראָפיקאציִע צעמענטירט אָט די אלע פילמ-קאדרענ.

ער האָט ניט מוירע—כאריק—פאר דער לעװאָנע, װײַל זי—די טראדיציִאָנעלע „בלאסע לעװאָנע“ איז אָרגאניש אײַנגעמאָנטירט אינ זײַנ אינדוסטריִעלנ פּײזאזש.

„באנאכט. די לעװאָנע—א שטאָלענער רידל
פארשטעקט אינ די הימלישע שכרעקעס
באנאכט, אונ עס לײגט זיכ דער טאָרפענער העקעפּ
אפ מעכטיקע לאפּעס אנידער“.

אינדוסטריִעלער פּײזאזש! צי מײנ איכ ניט אמאָל די „אײַזנבעטאָנישע בלומענ“ פונ סוזניצא אונ דעמ „שטאָלענעמ סאָלאָװײ“ פונ „לעפ“?

נײנ, כ'מײנ דאָס גיט. כ'מײנ פּאָשעט:

„א לעװאָנע הענגט א קלאָרע
אינ די קוסטעס—נעפּלענ גרײַז
איז ארויס דאָס ערשטע פּאָרל
פונ דעמ אײַנגעשפּארטנ קרײַז“.

באמ שײַנ פונ אָט דער „אלטער“ לעװאָנע גײט דער טאנצ פונ יונגע שלאָגלער מיט נײַע קולטור־אסאָציִאציעס, נײַער פאָלקלאָר, מיט נײַעמ כײנ.

אָט די לעװאָנע—ס'איז קימאט אנ ארויסרופ אלע די, װאָס װילנ דיכטונג פונ סאָציִא־ליסטישער בויונג פארװאנדלענ אינ א פּרײַזקוראנט, אָדער אינ א טעכנישנ לעקסיקאָנ אונ מײנענ אז די לעװאָנע איז טרײפ װי א „שעדלעכער עלעמענט“.

אונדזערע בעסטע ליריקער האָבנ שוינ פארשטאנענ אָט די אײנהײַט פונ טרוימ אונ װירקלעכקײַט, פונ ליריק אונ טראנסמיסיעס. בא קאמענעצקענ, בא טײפּנ, בא הארצמאנענ קאָנט איר געפינענ לידער, אינ װעלכע די ליריק װערט א נאטירלעכער באשטאנד־טײל פונ אונדזער אינדוסטריִעלנ שטײגער. ס'איז גענוג צו דערמאָנענ, לעמאָשל, קאמענעצקעס בא־לאדע װעגנ דער עלעקטראָסטאנציע, אָדער זײַנ „באלאדע מיט א לירישנ אָפּנויג“. פארנ יונגנ קאמענעצקי איז די עפענונג פונ אנ עלעקטראָסטאנציע אסאכ מער אײדער א מא־טעריאל פאר אויסכעשובנענ א דעטאל 350, אָדער װיפל דער בליומינג לאָזט ארויס שטאָל פארנ יאָר. קאמענעצקי (אונ דאָ פילט זיכ כאריקס װירקונג) זעט אינ דער עפענונג פונ דער עלעקטראָסטאנציע א נײַע געזעלשאפטלעכע סיסטעמ, מיט נײַע שטײגער-אסאָציִאציעס. קאמענעצקי זעט דעמ קאמפּ פונ קולטורנ ארומ דעמ שטראלנדיקנ מויער פונ עלעקטראָ־סטאנציע. ער גײט שוינ דאָ אריבער פונ אריפמעטיקע צו אלגעברע, װאָלט איכ געזאָגט. דעריבער איז זײַנ קאָלװירטניק פונ דער פּאָעמע „א באלאדע װעגנ אנ עלעקטראָסטאנציע“ ניט קײנ ענג-שטײגערישער פּערסאָנאזש אונ דער װאָלפ, װאָס באגעגנט דעמ קאָלװירטניק אפנ װעג צו דער עלעקטראָסטאנציע איז אסאכ מער, אײדער א צופעליקער פּאקט.

„אונ װענ ס'האָט דער באגינענ אינ װאלד זיכ געװעבט
האָט זיכ קאמ װאָס דער װאָלפ צו זײַנ נאָרע דערשלעפּט
אפ געפראָרענע מאָכרעס פונ קאָרע אונ מאָכ

איז ער סומנע און כמורנע געלעגן דערנאָך,<br>אינדערשטיל האָט ער ביטער געגעבן א קרעכצ<br>און זיך בלוטיק פארבענקט נאָך אמאָליקע נעכט,<br>נאָך אמאָליקע נעכט, ווען א טרוקענע קינ<br>פלעגט זיך ווי ניט ווי העלן אי רויכיק, אי דינ<br>— — — — — — — — — — —

און אפ יענער זייט וואלד<br>האָט אינ מויער געשטראלט".

די אנטיטעזע „טרוקענע קינ" און עלעקטראָסטאנציע איז געבויט לויטן זעלבן מעטאָד לויט וועלכן כאריק קאָנטראסטירט די „קינעלקעס", וואָס „ברענען אינ גרויען ווייסרוס־לאנד", אָדער דאָס „פעכישע שייטעלע קינ", דאָס זעלבע האָט אויך א שייכעס צום מאָכ־פייזאזש, וואָס אסאָציירט זיך בא קאמענעצקען מיט ווילדנ אוראלט מיט וואָלפ-ווילדעניש.

צי איז עס א לייכטער וועג—אָט דער וועג פונ צונויפפאָרן טראנסמיסיעס מיט „לע־וואָנע", אָט דער וועג פונ שאפן א פּולבלוטיקע זאוואָד־ליריק, און ביקלאל דער וועג פונ שאפן א סאָציאַליסטישע ליריק?

ניין, ווייט ניט קיין לייכטער.

און אָט צו דער פראגע גיי איך איצט איבער.

(פאָרזעצונג קומט)



די גרופע פּאָעטן אפ דער בעראטונג

איציק פעפער

# אונדזער פאָעזיע

פונעמ פאָרטראַג אפ דער ערשטער אלפאַרבאַנדישער באַראַטונג פונ די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער אינ מאָסקווע דעמ 7־טנ אווגוסט 1934 יאָר

1

די ביזאָקטיאַבערשע ייִדישע פאָעזיע האָט קיינ שאָלעמ אלייכעמ ניט ארויסגערוקט. די ייִדישע פאָעזיע פונ ביז דער רעוואָלוציע איז שטארק אָפּגעשטאַנענ פונ דער פּראָזע. אינ דער צײַט, ווענ די ייִדישע סאָוועטישע פּראָזע האָט נאָכ פאַר זיכ אזעלכע היכנ, ווי שאָלעמ אלייכעמ, אזעלכע קינסטלערישע מאַסשטאַבנ, צו וועלכע זי דאַרפ זיכ ערשט דערהייבנ, קאָנ מענ זאָגנ, אז די ייִדישע סאָוועטישע פאָעזיע האָט שוינ די היכנ, די קינסטלערישע מאַסשטאַבנ, וואָס זײַנענ דורכ די ביזאָקטיאַבערשע פאָעטנ געשאַפנ געוואָרנ, אריבערגעטראָטנ אונ אוועקגעשפּאַנט ווײַטער.

געווינ דאַרפנ מיר דיסקאָנטירנ די גרויסע פאָעטישע דערפאַרונג אי פונ מוישע לייב האַלפּערנ, אי פונ יהואָש. מיר דאַרפנ אויכ האָבנ אינ אויג די אמאָליקע פאָעטישע דערגרייכונגענ אווראָמ רייזענס, לייוויקס, מאַני לייבס. איכ רייד וועגנ זייערע אמאָליקע פאָעטישע דערגרייכונגענ, ווײַל וואָס מער זיי זינקענ אינ די סאָציאַל־פאַשיסטישע אָפּגרונטנ, אלץ מער פאַרלירנ זיי זייער אמאָליקע פאָעטישע קראַפט, אלץ לויז ווערט בא זיי דאָס פאָעטישע וואָרט, אלץ שוואַכער ווערט בא זיי דער קינסטלערישער אָנלאָד פונ דער ליד, עס איז קלאָר פאַר אלעמענ, אז די באַוועגונג, וואָס זיי באַדינענ איצט, קאָנ ניט באַגײַסטערנ אפ קיינ שטאַרקע, קינסטלערישע ווערק.

באַזונדערס דאַרפנ מיר דיסקאָנטירנ די ירושע פונ אזא טאַלאַנטפולער גרופּע רעוואָלוציאָנערע דיכטער, ווי מאָריס ווינטשעווסקי, יאָסיפ באָװשאָווער אונ דאָוויד עדעלשטאַט. אנ אויסשליסלעכנ אינטערעס האָט פאַר אונדז, פאַרשטייט זיכ, די שאַפונג פונ די ערשטע צוויי, ווײַל דאָוויד עדעלשטאַט האָט זיכ ווייניקער אײַנגעגעבנ געפינענ דאָס געהעריקע קינסטלערישע בילד אפ אויסדריקנ דעמ גרויסנ רעוואָלוציאָנערנ פּאַטאָס, וואָס האָט געטריבנ די אַרבעטער־דיכטערס פונ יענער צײַט. פאַרשטייט זיכ, אז א גרויסער היסטאָרישער דיסקאָנט פאָדערט פונ אונדז א ביז גאָר ערנסטנ אונ ביז גאָר קריטישנ צוגאַנג צו דער פּאָעטישער ירושע.

מיר ווארפנ אָפּ די נאציאָנאליסטישע שטימונגענ בא ווינטשעווסקענ אונ די אנארכיסטישע שטימונגענ בא באָוושאָווערנ אונ עדעלשטאטנ. מיר רייניקנ אָפּ פונ זיי אָט די פרעמדע באווירקונגענ, אונ זייער יערושע ווערט דערפונ שטארקער אונ ווירקעוודיקער.

עס וואָלט געווענ פאלש, ווענ מע זאָגט, אז ווענ די סאָוועטישע ייִדישע פּאָעזיע האָט געדאַרפט שטעלנ די ערשטע טריט, האָט זי געטראָפנ א פוסטנ אָרט. ניינ. מיר האָבנ געטראָפנ אנ אינטערעסאנטע פּאָעטישע יערושע, וואָס פארלײַכטערט אונדזער ארבעט, אָבער קיינ שאָלעמ אלייכעמ האָט די ייִדישע פּאָעזיע ביז אָקטיאבער ניט געשאפנ.

דאָס איז ניט קיינ גײַווע. דאָס איז א היסטאָרישער פאַקט. די סאָוועטישע ייִדישע פּאָעזיע האָט זיכ פאר עטלעכע יאָר אזא הייב געטאָנ, אז אינ איצטיקנ מאָמענט איז זי סײַ אידעיִש, סײַ פאָרמעל די פּאָרויסגעשריטנסטע, די אינטערעסאנטסטע, די בעסטע סײַ אינ פארגלײַכ מיט דער ייִדישער פאראָקטיאבערישער פּאָעזיע, סײַ אינ פארגלײַכ מיט דער ייִדישער פּאָעזיע אינ פארשיידענע קאפּיטאליסטישע לענדער.

דאָס איז געוויס א זיג, א גרויסער סאָוועטישער זיג.

עס וואָלט אָבער געווענ נאציאָנאל באגרענעצט אונ שמאָלקעפּיק, ווענ מיר האלטנ, אז דער איינציקער קריטעריומ פונ אונדזער וווּקס איז בלויז די ייִדישע פּאָעזיע אונ בלויז איר דערפארונג דארפנ מיר דיסקאָנטירנ אונ בלויז צו דער פארעוואָלוציאָנערער ייִדישער פּאָעזיע דארפנ מיר זיכ גלײַכנ.

א קאָלאָסאלע יערושע האָט אונדז איבערגעלאָזט די וועלט־קלאסיק. דער גאָלדענער פאָנד פונ דער וועלט־פּאָעזיע, די גראנדיעזע דיכטערישע מוסטערנ פונ דאנטע אונ שעקספּיר, פונ געטע אונ פּושקינ, פונ היינע אונ בארענזשע, פונ בײַראָנ אונ שילער שטייענ פאר אונדז ווי לויכטנדיקע בײַשפּילנ, ווי געווינישע אופּטוענ פונ דער גאנצער מענטשהײַט.

מיר דארפנ זיכ נאָכ לאנג לערנענ, ביז מיר וועלנ קאָנענ אויסדריקנ די אידייענ פונ אונדזער עפּאָכע, ווי זיי האָבנ עס געטאָנ אינ יענער צײַט.

ניט געקוקט אפ די גרויסע דערגרייכונגענ פונ דער ייִדישער סאָוועטישער פּאָעזיע, מוזנ מיר אָנערקענענ אָפנ, אז מיר שטייענ נאָכ גוואלדיק אָפּ פונעמ אינהאלט, פונ די טעמפּנ, פונ דער גרויסקײַט פונ דער שיינקײַט פונ אונדזער סאָציאַליסטישנ לעבנ.

אָפנהערציק אונ אויפריכטיק זאָגנ מיר אָט די ביטערע ווערטער ניט קעדיי אראָפּפאלנ בא זיכ, נאָר פארקערט! קעדיי גרויסנ זיכ, וואָס מיר לעבנ אינ אזא וווּנדערלעכ לאנד, אינ אזא זעלטענער צײַט, אונ הייבנ נאָכ העכער אונדזער קינסטלעריש וואָרט, נאָכ פארמערנ די זיגנ, וואָס מיר האָבנ שוינ אפנ ליטעראַרישנ פראָנט.

אינ אונדזערע זיגנ צווייפלט קיינער ניט, אפילע די פײַנט!

דער אמעריקאָנער בורזשואזער ליט־זשורנאל „אופקומ" (אפּרעל 1934) פארגעסט, אז פריער מיט עטלעכע זײַטלעכ האָט ער אינ ווײַנפערט פסעוודאָ־פּאָעמע אונטערנ „פרײַנטלעכנ" נאָמענ: „יהא שמיה רבא איציק פעפער", געמאָלדנ;

„צווישנ הייזעריקע איז פיל גרינגער
זײַנ דער גרויסער באָרגלריקער זינגער".

אונ אזוי ארומ כאראקטעריזירט די גאנצע סאָוועטישע ייִדישע ליטעראטור ווי א „הייזעריקע", אונ שפּעטער מיט עטלעכע זײַטלעכ, טאקע אינעמ זעלבנ נומער, רײַסנ זיכ דורכ פאָלגנדיקע שורעס:

„צי וועלן די, וואָס זײַנען נעענטער באַקענט מיט דער סאָוועטישער ליטעראַטור, ניט אײַנרעדן זאָגן אַף די אַנצאָליקע גרויסע שעפֿערישע טאַלאַנטן, וואָס זײַנען אויסגעוואַקסן דאַנק אונטער דער כּוח פֿון קאָמוניזם?“

מיר פֿאַרשטייען גאַנץ גוט, ווי שווער איז די פּײַנטלעכע ווײַנפֿערס און ווײַנפֿערלעכן צו אָנערקענען אונדזער וווּקס. זיי האָבן אָבער קיין אַנדער ברירה ניט, ווײַל אונדזער וווּקס איז אַ היסטאָרישער אַלגעמיין־אָנערקענטער פֿאַקט, און די, וואָס מאַכן זיך טאַמעוואַטע און ווילן אים ניט באַמערקן, רופֿן בלויז אַרויס אַ שמייכל...

אין די פֿלאַמען פֿון די אָקטיאַבער־שלאַכטן איז געבאָרן געוואָרן אונדזער פּאָעזיע. לאָזונגען, בעהאַדראַנגען, מיט שווערקײַטן פֿון וווּקס האָבן זיך אָנגעהויבן אַנטפּלעקן אונדזערע דיכטערישע געשטאַלטן. צו ד״ר אַלפֿאַרבאַנדישער בעראַטונג קומען מיר מיט אַ גלענצנדער פּלעיאַדע ייִדישע סאָוועטישע פּאָעטן, וואָס זײַנען באַוווּסט און באַליבט בײַ די ברייטע אַרבעטער־מאַסן אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד און אויך פֿון יענער זײַט גרענעץ.

דאָ איז בענוג צו דערמאָנען דעם נאָמען פֿונעם אומגעקומענעם אָשער שוואַרצמאַן, די נעמען פֿון דאָוויד האָפֿשטיין, איזי כאַריק, פּערעץ מאַרקיש, לייב קוויטקאָ, עזרא פֿינינבערג, מוישע קולבאַק, אַרקע קושניראָוו, מוישע כאַשטשעוואַצקי *) און נאָך און נאָך.

יעדערער פֿון זיי איז געגאַנגען מיט זײַן אייגענעם וועג, איינציקע האָבן געבלאָנדזשעט, איינציקע זײַנען „נעפּאָלן פֿונעם פֿערד“, איינציקע האָבן זיך אַרומגעשלעפּט אַף זײַטיקע סטעזשקעס, נאָר אונדזער סאָציאַליסטישע עפּאָכע, אונדזער געניאַלע פּאַרטיי האָט אַלעמען געעפֿנט די אויגן און געוויזן דעם ריכטיקן וועג. און יעדער פֿון די אָנגערופֿענע דיכטער האָט אַרײַנגעטראָגן זײַן כײַלעק אין אונדזער פּאָעזיע. האָפֿשטיין האָט געבראַכט זײַן מײַסטערישן, אָפֿט אַפֿילע צו קאַלט־מײַסטערישן פֿערז; כאַריק איז געקומען מיט זײַן ליכטיקן לירישן טאַלאַנט, מאַרקיש—מיט זײַנע פּאַטעטישע הימנען, מיטן הויכן פּאָעטישן קאָל, וואָס האָט זיך אַ מאָל געריסן פֿון הייכקײַט; קוויטקאָ איז געקומען מיטן זאַפֿטיקן וואָרט, צומאָל רויען, אָבער קרעפֿטיקן; פֿינינבערג האָט אַרײַנגעטראָגן פֿיל אָריגינעלקײַט אין אונדזער פּאָעזיע. זײַן דעקאַדענטישקײַט אָבער און די וואַקלונגען זײַנע האָבן אים געשטערט שפּילן די ראָליע, וואָס ער וואָלט געקענט שפּילן; גילדין איז געקומען מיט דער אַקטועלער טעמע, אָבער מיט קנאַפּ מײַסטערשאַפֿט; קושניראָוו האָט געבראַכט זײַן שפּאָרעוודיק פּאַטעטיש וואָרט. לײַדער ווערט די שפּאָרעוודיקײַט בײַ אים פֿאַרוואַנדלט אין אַזאַ, וואָס גרענעצט זיך שוין מיט שווײַגן: כאַשטשעוואַצקי—מיט זײַן קולטורעלן פֿערז; ליפֿע רעזניק, האַלקין, אַקסעלראָד, ראָסין, כאַנע לעווינאַ און די יונגע—פֿעליוסקי, קאָטליאַר, ווײַנערמאַן, קאַמענעצקי, יאַנקעלעוויטש—זיי אַלע שאַפֿן איצט דעם אַקטיוו פֿון דער ייִדישער סאָוועטישער פּאָעזיע.

ניט אַלע פֿון די אָנגערופֿענע פּאָעטן האָבן שוין אַנטפּלעקט אַלע זייערע פֿייִקייטן, זיי וועט נאָך אויסקומען ה״פּש האָרעווען איבער זיך, נאָר אַפֿילע בײַ זייער איצטיקן צושטאַנד שטייען זיי שוין העכער פֿון די ציטלינס און ראַבוישעס, אײַנהאָרנס און ביאַליסטאָצקעס.

איך בין גליקלעך צו באַטאָנען, אַז די ייִדישע סאָוועטישע פּאָעזיע איז איצט אײנציק ווי קיינמאָל ניט. דער אידיייִשער טהאָם, וואָס איז געווען צווישן „וועגן זיך און אַזוינע ווי איך“ און דער „קופּע“, צווישן „מינסקער בלאָטעס“ און דעם „אָטעם“, איז פֿאַרשוווּנדן. דער אידייִשער כילעק, וואָס האָט פֿריִער שאַרף אָפּגעטיילט כאַריקן פֿון האָפֿשטיינען און

*) רעפּליקעס פֿון זאַל: איציק פֿעפֿער (רעד.).

כאַשטשעוואַצקענ, אָדער פעפערנ פונ מאַרקישנ אונ פינינבערגנ איז באַ הײַנטיקנ טאָג ניטאָ. זיי זײַנענ איצט נעענטער ווי שטענדיק. דאָס הייסט בעשום־אופנ ניט, אַז זיי זײַנענ ענלעכ איינער צומ צווייטנ. יעדערער פונ זיי האָט זײַנ אייגענעמ דיכטערישנ גאַנג, זײַנ פּנים. אונ ווענ מע לייענט אַ ליד קאָנ מענ גלײַכ דערקענענ, צו וועמענ עס געהערט. אָבער אידייִש האָבנ די כאַוויירים, וואָס האָבנ זיכ פריִער געוואַקלט, מאַכעש באַוויזנ מוסטערנ פונ איבערבוירונג. די סאָציִאַליס־ישע בויונג, אונ דזער גרויסע פּאַרטיי אונטער דער געניִאַלער פירונג פונעמ כאַווער סטאַלינ האָבנ פאַרכאַפּט אונ באַגײַסטערט אַלעמענ.

קוקנדיק אַפ אונדזערע פּאָעטנ, קוקנדיק אַפ אונדזערע זינג, פרווו שוינ איינִיקע לײַכט־זיניקע קריטיקער אונ פּאָשעטע גוטע פרײַנט פונ דעמ אָדער יענער פּאָעט אויסטיילנ „אַ גרעסטנ", אַ „וויכטיקסטנ", „אַ באַרײַסנדיקסטנ", אַ „ריזיקסטנ".

צו פרי!

מיר האָבנ גיטע, טאַלאַנטפולע דיכטער. מיר האָבנ אָבער נאָכ ניט דעמ דיכטער פונ אונדזער סאָציִאַליסטישער עפּאָכע. מיר האָבנ נאָכ ניט דעמ געטע אָדער דעמ פּושקינ פונ אונדזער צײַט. מיר האָבנ טאַקע נאָכ דערוויַיל ניט אַזאַ פּאָעט, וואָס מע זאָל קאָנענ זאָגנ, אַז ער איז דער גרעסטער, ווײַל זײַנ פּאָעטישע סיסטעמ אונ זײַנע ווערק זײַנענ שוינ אַזוינע, ווי אונדזער עפּאָכע האָט דאָס ווערט.

אונדז שטייענ נאָכ פאָר גרויסע אַרבעטנ אונ גרויסע שלאַכטנ, קעדיי סײַ מיר, סײַ אונדזער שאַפנ זאָל ווערנ זײַנ די גרויסע צײַט אונדזערע. דעריבער פאָדערט זיכ איצט מער ווי שטענדיק קאָלעקטיוויקײַט אינ דער אַרבעט, שעפערישע הילפ איינער דעמ צווייטנ אונ אָנראַכמאָנעסדיקער קאַמפ קעגנ קלאַסנ־פרעמדע ווירקונגענ אונ שטימונגענ, קעגנ אָפּגעלעבטע סטיל־רעשטנ, קעגנ פאַלשע שעפערישע לאָזונגענ, וואָס גייענ קעגנ דעמ גרונט־מעטאָד אינ אונדזער שאַפנ, קעגנ דעמ סאָציִאַליסטישנ רעאַליזמ.

פריִער מיט צענ יאָר, אינ אַ מאָמענט פונ היציקע ווײַקלונגענ באַ אַ גרופּע יידישע דיכטער, זײַנענ פאָרמולירט געוואָרנ אונ מיט ווערק באַשטעטיקט געוואָרנ די שעפערישע פּרינציפּנ פונ דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער דיכטונג. אינ קורצנ אונ סכעמאַטיש וואָלט איכ געזאָגט, אַז זיי זײַנענ באַשטאַנענ אינ פאָלגנדיקנ:

1) **צילגעווענדטקײַט אונ לענינישע וועלט־אָנשויונג.** קעגנ דער „העפקער־פּאָעזיע אונ „סטאַמ" זינגערײַ. דאָס האָט, אייגנטלעכ, באַטײַט פּאַרטייִשקײַט קעגנ די „אומפּאַרטייִש־נייטראַלע" טענדענצנ, וואָס האָבנ פּאַקטיש געגאָנגענ וואַסער אַפ די רעדער פונ ייִדישיזמ.

2) **אַקטועלקײַט.** קעגנ „בלײַבע זכוגענ" אונ קעגנ דער רעזיגיקישער „קאָלדרע", אונטער וועלכער ס'האָבנ זיכ באַהאַלטנ די מענטשנ, וואָס האָבנ זיכ געפּ־וווּט אַנטלויפנ פונ אונדזער גרויסער ווירקלעכקײַט, פונ די שלאַכט־פעלדער, פונעמ זאַוואָד, פונעמ קאָלווירט. דאָס איז געווענ אַ קאַמפ פאַר דער אַקטועלער טעמאַטיק קעגנ דער טעמאַטיק פונ סטיליזירטע טפילעס, פונ ניכטערישע שירימ אונ אַנדערע אייערנעכטיקע באָבע־מײַסעס.

3) **קאָנקרעטקײַט.** קעגנ דעמ „לאַנד פונ מיילע" באַ כאַשטשעוואַצקענ, קעגנ רעוואָליוציִאָנערער פּראָזעאָלאָגיע אינ דער ווערס אַרײַנ, קעגנ בילדערישנ קאָסמיזמ. קעגנ דעקלאַמאַציע וועגנ די רעוואָליוציִאָנערע „ערגעצנ", קעגנ קוויטקישנ „טויבנ אומרו", קעגנ שוועס אינ טרײַהײַט אונ ליבע דערקלערונגענ צו עפּעס אַנ אַבסטראַקטער רעוואָלוציע.

דער רופ צו קאָנקרעטקײַט האָט באַטײַט: קאָנקרעטע שילדערונג פונ דער קאָנקרעטער

אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, פונ די קאָנקרעטע ענדערונגענ, וואָס זי האָט אַרײַנגעבראַכט אינ קאָנקרעטנ נײַעמ לעבנ.

4) **פאַרשטענדלעכקײַט.** קעגנ דעמ פינינבערגישנ ווערטער־נעפּל, קעגנ די פאַר־שטעלונגענ, אַז ווירקלעכע פּאָעזיע מוז זײַנ אומפאַרשטענדלעכ, קעגנ די פּרוּווּנ אָפּרײַסנ אונדזער ליטעראַטור פונ די לייענער אונ פאַרוואַנדלענ זי אינ אַ צימער־ליטעראַטור, אינ אַ קאַמער־פּאָעזיע, אינ אַ קלײַנ־אינגענ. פאַרשטענדלעכקײַט האָט באַטײַט קאַמפּ פאַר דעמ לעניניש לאָזונג: אַ „ליטעראַטור פאַר מיליאָנענ". די פּראָלעטאַרישע פּאָעזיע האָט גע־קעמפט פאַר „פּאָשעטסטע רייד", דאָס האָט באַטײַט: קאַמפּ פאַר אַזאַ פּאָעטישער סיסטעמ, וואָס איז געגאַנגענ קעגנ אַלע די, וואָס האָבנ דאָס געזוכטע, דאָס קלאָרע וואָרט פאַר־געפּלט, אַרכיוויזירט, פאַרכוואַיעוועט אונ אָפּגעטעמפּט.

5) **ווירקזאַמקײַט.** די פּראָלעטאַרישע פּאָעזיע האָט אָפּנ דעקלאַרירט, אַז די פּאָעזיע מוז פאַרוואַנדלט ווערנ אינ אַ געווער, וואָס דאַרפ העלפנ אינ די שלאַכטנ פאַר סאָציאַליזמ. פּאָעזיע שטייט ניט אויסערנ קלאַסנ־קאַמפּ. פּאָעזיע דאַרפ זײַנ אַ ווירקזאַמ מיטל אינ דער איבערדערציִונג פונ די ברייטע מאַסנ. ס'איז אַ פראַגע וועגנ דער פונקציאָנעלקײַט פונ דער פּאָעזיע, וועגנ איר לעבעדיקער ווירקונג אויפ מאַסנ, וועגנ דעמ, אַז די פּאָעזיע דאַרפ אָרגאַניזירנ די עמאָציעס אונ געדאַנקענ פונ די לייענער אינ אַ נאָשטימטער ריכטונג.

6) **אינטערנאַציאָנאַליזמ.** קעגנ נאַציאָנאַליזמ אונ נאַציאָנאַליסטישע שטימונגענ אינ די ווערק פונ יענער צײַט בײַ מאַרקישנ, רעזניקנ אינ פינינבערגנ אונ דעריקער בײַ האָפּ־שטיינענ. אונטער די פאָנענ פונ אינטערנאַציאָנאַליזמ האָט זיכ צעוויקלט דער קאַמפּ קעגנ די ייִדיש־סטישע טראַדיציעס פונעמ „זוי געדויענעמ „קיִעווער פעריאָד", קעגנ דער טע־אָריע פונעמ „איינהײַטלעכנ שטראָמ" אינ דער ייִדישער ליטעראַטור, קעגנ דער שאָוויניס־טישער באַציִונג צו די ברידערלעכע פעלקער.

7) **קאָלעקטיוויזמ.** קעגנ אינדיווידואַליזמ, אָפּגעזונדערטקײַט, אָפּגעשלאָסנקײַט, קעגנ „אינזיכיזמ" אינ אַלע זײַנע וואַריאַציעס אונ מאָדיפיקאַציעס.

8) **די שפּראַכ פונ דער רעוואָלוציע.** מיר געדענקענ נאָכ גוט, ווי די קליינ־בירגערלעכע שרײַבער האָבנ אײַנגעאָרדנט די שפּראַכ פונ דער רעוואָלוציע, אונ יעדער נײַ וואָרט האָט באַגעגנט דעמ שאַרפסטנ ווידערשטאַנד. אַזעלכע ווערטער ווי פּאַרטיי, קאָמיוג, קאָמסאָמאָל, קאָמינטערנ, שינעלנ, צעקאַ, לעניג, ראַט, סאָוועט, רויטע אַרמיי, רע־וואָלוציע, זײַנענ פּאָשעט בויקאָטירט געוואָרנ דורכ די קליינבירגערלעכע פּאָעטנ, אונ בלויז די פּראָלעטאַרישע דיכטער האָבנ זיי אַרײַנגעפירט אינ דער פּאָעזיע ווי אַ בעקאָוועדיקנ באַשטאַנדטייל פונ דיכטערישער שפּראַכ.

דאָס זײַנענ לויט מײַנ מיינונג, די וויכטיקסטע פּרינציפּנ, וואָס זײַנענ געלעגנ אינ גרונט פונ דער פּראָלעטאַרישער שאַפונג, צומ באַרויִקנ, זײַנענ אָט די שעפערישע פּרינציפּנ מיט דער צײַט באַוואַקסנ געוואָרנ מיט וואָאַפּישנ ווילד־פליייש, מיט גראָבעווער קאָרע. אייניקע פּרינציפּנ זײַנענ פאַרפלאַנט געוואָרנ.

ווענ מיר באַזײַטיקנ אָבער די אויסוואַקסנ פונ די וווּלגאַריזאַטערס אונ סכעמאַטיקער, פונ די פּרימיטיוויסטנ אונ „ליטפּראַנטיקעס", פונ אַ רײַ וואָאַפּישע מישטיינס בעיאָגט טעאָרעטי־קער, זעענ מיר, אַז דער קערנ פונ אָט די שעפערישע פּרינציפּנ איז אַ ריכטיקער אונ אַלע זיי גייענ אַרײַנ אַלס אַ באַשטאַנדטייל אינעמ סאָציאַליסטישנ רעאַליזמ, וואָס איז פיל בריי־טער אונ טיפער, ריכטיקער אונ וויכטיקער פונ אַלע ביז איצטיקע שעפערישע אײַנ־שטעלונגענ.

.2

מיר זײַנען געקומען אפ דער הויכער טריבונע פונ דער ערשטער אלפארבאנדישער באראטונג פונ די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער מיט א רײַכער פאָעזיע, אינ וועלכער מיר פילנ דעם אָטעם פונ סאָציִאליזם, מיר פילנ פרישקײַט, מוטערקײַט, נײַע געדאנקענ אונ איבערלעבונגענ. מיר זינגענ דעם גרויסנ הימנ דעמ בארגארופיקנ ב.נג צו נײַע זונענ, אינדערצײַט, ווענ די בורזשואזע פאָעטנ אינ אויסלאנד וויינענ אפ זייערע פארלאָשענע זונענ. מיר זינגענ „לעבנ זאָל דאָס לעבנ“, אונ זיי שרײַבנ אָדעס דעם „שיינעם טויט“, וואָס פירט צו „א בעסער לעבנ“.

דאָס סאמע שערלעכסטע איז „קאָפּשווינדל פונ דערפאָלגנ“. פונ אים דארפנ מיר זיכ היטנ, ווײַל דער קלאסנקאמפ אינ לאנד דויערט, אונ פארשיידענע רעצידיוונ זײַנענ נימ אויסגעשלאָסנ. אפילע בא פאָעטנ, וואָס שטייענ שוינ פעסט אפנ סאָוועטישנ באָדנ, רײַסנ זיכ דורכ פרעמדע טענער, וואָז סיננא-יזירב וונגנ באשזיײַטע געפארנ. נעמט, לעמאָשל, טייפס בוכ לידער אונ בלעטערט דאָרטנ דורכ די פאבריק-ליריק. וויפל פעסימיזם, ועפאלנקײַט, שווארצע טענער אונ טויט-שטימונגענ! מי אפ אונדזער פאבריק איז לויט טייפנ נימ קיינ זאכ פונ ערע אונ רומ, נאָר א מינ קאטאָרגע. מיר וויסנ, אז די לידער זײַנענ אָנגעשריבנ פריִער מיט א צײַט. איז טאקע א גראָבער פאָליטישער פעלער סײַ מיצאד דעם אויטער, סײַ מיצאד דעמ פארלאג, וואָס גיט ארויס טייפס שעדלעכע פאָעטישע פאָרמולירונגענ וועגנ אונדזער מי נאָכ דער קלאסישער כאראקטעריסטיק, וואָס דער כ' סטאלינ האָט געגעבנ דער מי אינ אונדזערע באדינגונגענ. טייפס לידער שרעקנ אָפ אונ נימ זיי רופנ צו געזונטער מי. אָדער נעמט דאָויד האָפשטיינס נאציאָנאליסטישע רעצידיווג, וואָס האָבנ זיכ אנכפלעקט אינ זײַנע בירעבידזשאנער לידע- אונ אינ די קריטישע וויקוכים מיט זיכ אליינ. טוט אנ עפנ מארקישעס געזאמלטע ווערק, וועט איר דאָרטנ געפינענ גראָד א נײַעם ציקל ארײַנפיר-לידער, וואָס באווײַזנ, אז נימ שטענדיק גיט זיכ מארקישנ אײַנ באפרײַענ זיכ פונ זײַנ יערושע-באלאסט.

אונדזער קריטיק דארפ זײַנ מערער מאָביליזירט, אקטיווער העלפנ אונדזערע דיכטער זיכ געזעגענענ מיט דער פארגאנגענהײַט אונ אײַנשליסנ זיכ אינ די טאָגטעגלעכע קאמפנ פאר דער סאָציִאליסטישער וועלט.

די קריטיק דארפ ווערנ קאָנקרעטער, אונ אנאליזירנ די ספעציפיק פונ דער דיכטונג; דעם גראם, דעם ריטם, דאָס בילד, אונ נימ בלויז די אידעאָלאָגישע ווענדונג פונעם שאפנ. די קריטיק מוז ארײַנדרינגענ אינ דער טיפ פונ דער ליד אונ פאָעמע אונ נימ אורטיילנ בלויז לויט אויסערלעכע סימאָנים.

די קריטיק דארפ ווערנ אָפעראטיווער אונ שלאָגלערישער. זי דארפ אונדז העלפנ בײַנ וואַקסער צו נײַע ניצכוינעס. זי דארפ אונדז עפענענ די אויגנ אפ אונדזער שאפנ אונ אָביעקטיוו אָפּשאצנ אונדזער ארבעט.

מיר זײַנענ נאָכ זייער יונג אונ דאָכ דראָט אונדז שוינ א געפאר פונ איבערכאזוערנ זיכ, פונ „איבערזאָגנ שוינ געזאָגטע ווערטער“. איינ פאָעט כאזוערט איבער א צווייטנ אונ דער צווייטער כאזוערט איבער זיכ אליינ. דאָס איז א קרענק. וואָס מיר געפינענ נימ בלויז בא דעם יונגנ יאנקעלעוויטשנ, וועלכער כאזוערט איבער שוינ פונ אנדערע „געזאָגטע ווערטער“, נאָר אויכ בא האָפשטיינען. בא קוויטקען.

אָדער נעמט, לעמאָשל, די געפאר פונ טראפארעט פונ אָפגעריבענע מאטבייעס אונ טויטע ווערטער.

טרויעריק איז, וואָס טראַנספּאָרטע סטראָפעס און אפילע לידער געפינען מיר ניט נאָר באַם יונגנ דריז, נאָר אויכ באַם-דערפאַרענעם מײַסטער האָפּשטיינ. דערדאָזיקער פאַרדינסט-פולער פּאָעט שרײַבט:

יעדערער געדענקט די שיינע ריי פונ נעמענ:
איזאָטאָוו דעם קרילנהאקער
(זײַנ ארבעט און זײַנ טאָג,
מיט גלענצנדיקע שמעלצנדיקע טאָג).
סעליוואנאָוו פונ שאריקאָפּאָדשיפּניק
(א נײַע זאכ בא אונדז—עס לויכט באזונדערס ווענ דעמ א רעד צו טאָנ)
יעדערער געדענקט די שיינע ריי
פונ העלדנ בא דעם אקער
באַם פאַרזיי".

אזוי „באזינגט" דאָוויד האָפּשטיינ די העלדנ איזאָטאָוו און סעליוואנאָוו אינ זײַנ נײַער זאמלונג „אָרקעסטרא". ס'איז קלאָר, אז מיר האָבנ דאָ צו טאָנ מיט טראַפּאַרעט, מיט נידעריקער קוואליטעט. האָפּשטיינ אליינ פאַרשטייט, אז איזאָטאָוו פאַרדינט ניט קיינ שוואכערע בילדערישקײַט, ווי דאָס „טונקל שיקסעלע מיט דער טונקלער פלאַש"....

האָפּשטיינ שרײַבט ווײַטער אינ דער זעלבער ליד:

„נײַע מויערער און נײַע בעטאָנירער,
וואָס זייער כאָנ און זייער פלייס
אינ סאָצפאַרמעסטונג
גיט אײַזנ—בעטאָנ,
גיט נײַע פעסטונג"...

אזוי שרײַבט דאָוויד האָפּשטיינ וועגנ אונדזער פאַרמעסטונג און וועגנ אונדזער פעסטונג. טרויעריק ווערט, ווענ האָפּשטיינ הויבט זיכ אָנ איבערופנ מיטנ אָנפאַנגערישנ דריזנ, וועלכער שרײַבט אינ זײַנ ביכל „שטאָלענער קויעכ":

„שטאָל,
באביט,
בעטאָנ,
גראניט—פאַרמעסטונג,
יעדער שפאַנ א פעסטונג"...

און ווידעראמאָל אינ דער זעלבער ליד:

„וועט זײַנ רעגנבנ,
ווײַל האָב און לעבנ
מיר שטעלנ אינ פאַרמעסטונג,
ווענ ס'דראָט א דורכרײַס
אונדזער פעסטונג".

אזוי שרײַבט שיקע דריז. צום באדויערנ איז שווער צו אונטערשיידנ האָפּשטיינס „פעסטונג און פאַרמעסטונג" פונ דריזס „פעסטונג און פאַרמעסטונג".

וואָס באווײַזט עס?

דאָס באווײַזט, אז די געפאַר פונ טראַפּאַרעט איז אסאַכ גרעסער ווי מיר מיינענ

פֿאַסט, און ס'איז אומעגלעך קעמפֿן פֿאַר א הויכער קוואַליטעט, ניט באַקעמפֿנדיק די ווים־טע טראַפּאַרעטלעך, וואָס רײַסן זיך דורך אפֿילע בא אונדזערע גרעסטע דיכטער.

צווישן די דעפֿעקטן, וואָס האַלטן אין איינ שטערן אונדזער פּאָעזיע אינ איר גאַנג פֿאָרויס, פֿאַרנעמט די קרענק אָפֿ סכעמאַטיזם א גאַנץ היפּש אָרט. אָפּ סכעמאַטיזם קרענקס די מערהײַט ייִדישע פּאָעטן. סכעמאַטיזם געפֿינט איר ניט בלויז בא טאַלאַלײַעווסקען און שטורמאַנען, נאָר אויך בא כאַשטשעוואַצקען און בא פֿינינבערג, בא מאַרקישן און בא פֿעפֿערן. קלאָר, אז די וואָרצלען פֿונעם סכעמאַטיזם שטעקן אינעם ניט קענען באַהערשן די מאַרקסיסטיש־לענינישע וועלטאַנשויונג, און דעריבער כווּ מיר טאַקע ענערגישער באַקעמפֿן אָט די געפֿאַר, וואָס שוואַכט אָפּ די ווירקזאַמקײַט פֿון דער לידי וועמען קאָנען, אשטייגער, נעמען אזעלכע „געגראַבטע עמעסן" ווי:

„דײַן
בעהאַלטע־ראַש—
ניט דײַן כאַלאַס
דאָך,
ס'גייט
דער אַרבעטער־קלאַס,
ס'גייט
דער סטאַלענער,
ס'גייען געוועלטיקן
נײַע
מענטשעס שווינ,
ווי
בא מאַרקסן שטייט
ווי
בא ענגעלסן,
ביסט,
איייראָפּע—ערד
א
פֿאַרזאַלענע,
מע גייט
לויט לענינס וואָרט,
מע גייט
לויט סטאַלינען.
איך זע
די בלאַנדזשעניש,
איך זע
דאָס פֿײַאָנטען זיך (? א. פ.)
אָפּ בריק
באַם סענער טײַך,
אָז גאַסן
לאַנגראָנער.

אזוי ציט זיכ עס אונ ציט זיכ אָנ א שיר, אונ מע קאָנ עס ציִענ נאָכ ווײַטער. ניט דורכגעלעבט, ניט דורכגעטראכט, ניט דורכגעוויטיקט.

אונ די שורעס געהערנ גראָד צו א באַרימטנדיקנ פּאָעט, וואָס קאָנ דורכטראכטנ אונ דורכוויטיקנ דאָס, וואָס ער שרײַבט. די שורעס געהערנ צו עזרא פינינבערגנ.

ווײַזט אויס, אז מיר דארפנ איצט שארפ שטעלנ די פראגע וועגנ א געהעריקער עמאָציאָנעלער אָנלאָדונג פונ דער פּאָעזיע, ווײַל וויבאלד די טעמע רירט ניט אָנ דעמ אווטער, וועט דעמ אווטערס שאַפנ אויכ דעמ לייענער ניט אָנרירנ.

מיר דארפנ פאָדערנ בא אונדזערע פּאָעטנ אַנ עמאָציאָנעלנ מינימומ, אָדער קירצער — אַנ עמאָציאָמינימומ.

יעדע ליד מוז האָבנ א נעשאָמע. באזונדערס ווילט זיכ דערפילנ די וואַרעמקײַט פונ א נעשאָמע אונ דאָס קלאַפנ פונ פולס, ווענ דו לייענסט א גאַנצע רײַ לעצטע לידער בלאַנשטיינס וועגנ אונדזער סאָציאַליסטישנ לעבנ, אָדער מוישע כאשטשעוואַצקעס לידער וועגנ דעמ פינפיאָר אונ אינדרפינפלאַנ!

מע דארפ אופהערנ גליטשנ זיכ איבערנ אויבערפלאַכ פונ אונדזער ווירקלעכקײַט, א גראָב כאָנ טיפער אונ מאכנ א סאָפּ צו דער בלוטלאָזיקײַט אינ עטלעכע שאפנ פונ אייניקע פּאָעטנ.

מיר מוזנ ליקווידירנ די אָרעמקײַט, וואָס קוקט נאָכ ארויס פונ א שורע, פונ א סטראָפע, פונ א ליד אינ אמאָל פונ א גאנצער פּאָעמע. אונ מיר מוזנ ווערנ רײַכער. ס'איז שוינ געקומענ די צײַט פאר ראָמאנ אינ פערזנ, פאר א סיוושעטשער פּאָעמע כיט געשטאלטנ.

איז דענ ניט געקומענ די צײַט פאר א היסטאָרישער פּאָעמע? אינ דער פּראָזע האָבנ מיר אַנ אופלעבונג, פיל שרײַבער ארבעטנ דאָרט איבער היסטאָרישע טעמעס. אינ דער פּאָעזיע הערט מענ עפּעס ניט וועגנ דעמ.

אויכ מיט הומאָר אונ סאטירע איז בא אונדז ניט בעשאָלעמ. מע האלט נאָכ בא אונדז, אז דאָס איז פּאָעזיע פונ צווייטנ סאָרט, מע היט זיכ פאר א שמייכל, ווײַל הומאָר אונ סאטירע איז שוינ, קלוימערשט, עפּעס אזוינס, וואָס איז עפּשער אינגאנצנ קיינ פּאָעזיע ניט. נוסינאָוו האָט אונדז אפילע געשראָקנ, אז מע טאָר ביכלאל ניט לאכנ, ווײַל לאכנ קאָנ מענ בלויז פונ כאָנים, אונ אינגיכנ וועלנ קיינ סאָנים ניט זײַנ, איז צוליב וואָס דאָס לאכנ?

אונ די פּראָבלעמ פונ סאָציאַליסטישער ליריק פארנעמט דענ בא אונדז דאָס אָרט, וואָס זי פארדינט. אלע „אייביקע כאָסיונס", ווי ליבע, טויט, נ טור, דארפנ מיר דאָכ געבנ אינ זייער נײַער קוואַליטעט, די באציִונג פונ מענטשנ צו מענטשנ אונ פונ מענטשנ צו באגריפנ אונ געפילנ ענדערנ זיכ ראדיקאל אינ אונדזערע באדינגונגענ.

דעריבער איז אונדזער כויוו ניט נאָר געבנ די נײַע איבערלעבונגנ, נאָר מיט אונדזער נײַעמ לירישנ וואָרט אויכ ווירקנ אפ די ענדערונגענ אונ אפ דער פאָרמירונג פונ די נײַע געפילנ אונ באציִונגענ.

געוויס דארפנ מיר געבנ דעמ נײַעמ מענטשנ, דעמ העלד פונ אונדזער צײַט. צומ באַדויערנ, זעענ מיר אים נאָכ ניט אינ אונדזערע פּאָעמעס.

אינ אינדזערע פּאָעמעס האָבנ מיר באזונדערע בילדער, עסקיזנ צו געשטאלטנ, זייער אסאַכ לירישע אָפּזענדונגענ.

פארגעסנ וועגנ אונדזערע העלדנ, וועגנ די העלדנ פונ אונדזער סאָציאַליסטישנ פאָטערלאַנד איז פּאָשעט א פארברעכנ. מיר מוזנ זיי געבנ אינ דער פּאָעזיע, אונ מיר וועלנ זיי געבנ!

מיר מוזנ העכערנ די פאראנטװאָרטלעכקײַט פאר די נײַע קאדרענ, װאָס גײענ אינ אונדזער פּאָעזיע. מיר דארפנ אינטענסיװער אונ טיפער אר עטנ מיט זײ װי פריִער, װײַל צו אונדז גײענ זעלטענע פײַקע אָנפאנגער מיט געזונטער שטימונג אונ מיט א שטארקנ װילנ צו ארבעטנ אפ זיכ, יעדער מינ אומפאראנטװאָרטלעכקײַט דארפ אױסגעראָטנ װערנ אינ אונדזער פּראקטיק. דאָס דארפנ באזונדערס פארשטײנ די עלטערע כאװײרים דעמאָלט, װענ עס רעדט זיכ װעגנ ארױסדרוקנ אונ אָפּשאצנ נײַע קאדרענ. מיט זײער אױטאָריטעט דעקנ זײ אמאָל צו אזא פּראָדוקציע, װאָס שטערט דעם קאמפּ פאר העכער קװאליטעט.

אזױנע פאלנ באמערקנ מיר אינ אונדזערע זשורנאלנ „שטערנ“, אינ „פּארמעסט“, טע־נער פונ אומפאראנטװאָרטלעכער לױבזױ געפינענ מיר אױכ אינ כ' בראָנשטײנס ארטיקל װעגנ קאמענעצקענ. א באזונדערס שװערנ אײַנדרוק מאכט כ' עזרא פינינבערגס פאָרעדע צו דריזס זאמלונג.

אונדזער װוּנדערשײנע צײַט פארדינט א גרױסע ליטעראטור, אונ קעדײ שילדערנ אונדזער לעבנ דארפנ מיר עס קענענ, אונ מיר קענענ עס ניט גענוג טיפ. ביכלאל, װענ א דיכטער נעמט זיכ צו א טעמע, מוז ער גוט זײַנ באקאנט מיטנ מאטעריאל. דאָס איז א פּאָשעטער געזעצ, אונ איכ פּרעטענדיר ניט אפ קײנ נײַע אמעריקעס. איכ באטאָנ דאָ װידער אָט דעם געדאנק װײַל דער געזעצ װערט אָפט אנערקענט דע־יורע אונ ניט דע־פאקטאָ. פאקטיש שרײַבט א שרײַבער װעגנ דעם װײַסיאמישנ קאנאל, זיצנדיק אפ דער מאָ־דאװאנקע; שרײַבט א שרײַבער װעגנ דעם יאם בא די ברעגנ סימפעראָפּאָל, שפּאצירנ־דיק איבערנ דזערזשינסקי־פּלאצ אינ כארקאָװ, װײַל װענ ער פאָרט צו קײנ סימפעראָפּאָל, זעט ער, אז דאָרט איז קײנ יאם ניטאָ...

דעם מאטעריאל קענ מענ בא אונדז שװאכ אונ ניט גרינטלעכ. דעריבער װוּנדערט זיכ ניט, װענ אינ א ליד װעט אפּראָדיטע שיסנ פונ א מאוזער אונ װוּנדערט זיכ ניט, װענ א זיבעצניאָריק יאסל שרײַבט אינ 34־טנ יאָר זיכרױנעס װעגנ דעם 1905 יאָר!

אסאכ דיכטער, װאָס קאָנענ שרײַבנ, קענענ ניט אונדזער לעבנ, אונ אסאכ. װאָס קע־נענ אונדזער לעבנ, קאָנענ ניט שרײַבנ. אזױנע, װאָס קאָנענ גוט דאָס לעבנ אונ בא־שרײַבנ עס גוט, האָבנ מיר נאָכ דערװײַל געצײלטע.

דארפנ מיר טאקע טיפער גײנ אינ לעבנ ארײַנ, אונ דאָס לעבנ װעט אונדז אױכ אונ־טערזאָגנ נײַע טעמער, נײַע פאָרמענ, נײַע ריטמענ.

אָנ זײ איז אומעגלעכ צו שאפנ א נײַ װערק. מיר דארפנ דרײסטער עקספּערימענטירנ, שלאָגנדיק דעם פאָרמאליזם, דארפנ מיר שאפנ די נײַע פאָרם, אונ אָנ ערנסטע דיכטערישע עקספּערימענטנ, אָנ געװאגטקײַט װעלנ מיר זי ניט שאפנ!

אײניקע װיסנשאפטלער רופנ אונדז אָנ „שײנ־שרײַבער“. דאָס איז זײער אָנגענומענ. מיר דארפנ װאָס גיכער מאכנ א סאָפ צו די מיִעס־שרײַבער, װײַל „מיִעס־שרײַבערײַ“ אָדער „שלעכט־שרײַבערײַ“ איז אײנע פונ די גרעסטע געפארנ, װײַל זי דראָט פארװאנדלענ די קונסט אינ אױס קונסט.

אונדזער לאנד פאָדערט פונ אונדז גוטע פּאָעזיע, געזונטע ליריק, אונדזער געזונטער לײענער װיל הױכע פּאטעטיק, אונ אײניקע פרוּװנ זיכ אים אונטערדרוקנ אָנשטאָט פּאטעטיק — פּאטעטקע. אונדזער לײענער פאָדערט שרײַבער אונ ניט קײנ באשרײַבער, אונדזער לײענער װיל װיסנ אי זײַנ נעכטנ, אי דעם הײַנט, אי דעם מאָרגנ.

דעריבער דאַרפֿן מיר זיך בעסער לערנען ווי ביז איצט. מיר דאַרפֿן אָפּשטעלן אַ דער געהעריקער הייך דעם אויסטויש מיט דער דערפֿאַרונג פֿון די סאָוועטישער פּאָעזיע אַף אַלע שפּראַכן. די פֿעלקער פֿון דעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד קענען געפֿינען אַסאַך ניַעס אין דער ייִדישער סאָוועטישער פּאָעזיע, און די ייִדישע סאָוועטישע דיכטער קאָנען געפֿינען ניט ווייניק ניַעס און באַלערעוודיקס באַ די רוסישע פּאָעטן מאַיאַקאָווסקי, באַגריצקי, טי־כאָנאָוו, באַ די אוקראַיִנישע — פּאַוולאַ טיטשינאַ, באַזשאַן, קוליק, פּערוואָמײַסקי, באַ די ווײַס־רוסן — יאַנקאַ קופּאַלאַ, אַלעקסאַנדראָוויטש, באַ די גרוזינער — פּאַאָלאַ יאַשווילי, טאַבידזע, באַ די אַרמענער — עגישע טשאַרענצ און ווּשטוני.

מיר דאַרפֿן זײַן ענגער פֿאַרבונדן, וואָס מערער מיר וועלן זיך לערנען, אַלץ שטאַר־קער וועלן מיר ווערן, אַלץ העכער און ווײַטער וועט זײַן דער רעזאָנאַנס פֿון אונדזער שאַפֿן.

מיר שאַפֿן די הייכע ליטעראַטור פֿונעם סאָציאַליסטישן לעבן. און ווי פֿרעמד און עקלדיק קלינגען פֿאַר אונדז די לידער פֿון יענע מענטשן, וואָס האָבן זייער גורל פֿאַרבונדן מיטן אונטערגייענדיקן קלאַס און וואָס שפּרייטן שאָוויניסטישן סאַם און סאַם פֿון אונטערגאַנג אַרום. אָט שרײַבט, לעמאַשל, מאַני לייב אין זײַן בוך „וואונדער איבער וואונדער“.

„פֿאָרן מיט אַקס און מיט אָקסן דרײַ גאָים,
פֿאָרן דרײַ גאָים, דרײַ שיקערע פּראָצים,
קומט פֿון די וועגן אַ ייִד זיי אַנטקעגן,
קריכט מיט אַ טאָרבע אין שטויב פֿון די וועגן.
זײַנען די גאָים אַ רויב טאָן אַ באַלן.
געמען די גאָים דעם ייִדן באַפֿאַלן“.

מיט וואָס פֿאַר אַ שאָוויניסטישן כאַזערײַ ווייעט פֿון די שורעס! נאָר צו מענטשן, וואָס באַדינען אײב קאַהאַנס שאַנדהײַזל, קאָן מען קיין טײַנעס ניט האָבן...

אָדער נעמט, לעמאָשל, איינע פֿון לייוויקס לעצטע לידער. מיר לייענען:

„איך פֿאַרנעם זיך מיט אַלץ, וואָס איך קען,
אַפֿילע מיט צוטראַכטן גראַמען
איך פֿרעגן אָט אַזוי באַ מײַן פּען,
צי ווייסט זי פֿונוואַנען מיר שטאַמען?
צי ווייסט זי, וואָס הייסט אין שפּיטאָל
אַ שאָכן, וואָס גייט אויס דאָ נעבן,
צי איז ניט דאָס שטאַרבן צומאָל
אַ טראָט צו אַ נײַערן לעבן“...

ווי געפֿעלט אײַך דער נאָווי פֿון „אַ נײַערן לעבן“, נאָכן טויט?

מיט שווינדער און אונטערגאַנג, מיט טויט און אומקום ווייעט פֿון די שאַפֿעכצן, וואָס גייען פֿון יענער זײַט גרענעץ. מיר ריידן דאָ, פֿאַרשטייט זיך, ניט וועגן די רעוואָליוציאָנערע פּאָעטן, וועלכע זײַנען אונדז טײַער און וועמען מיר שיקן אַ הייסן גרוס פֿון אָט דער היס־טאָרישער טריבונע — אַ הייסן גרוס פֿון דער אַלפֿאַרבאַנדישער באַראַטונג פֿון די ייִדישע סאָ־וועטישע שרײַבער.

מיר דארפנ פארשטארקנ דעמ קאמפ קעגנ דעמ סאמ פונ נאציאָנאליזמ, כונ וואנענ ער זאָל ניט קומענ. קעגנ פעסימיזמ אונ פארלוירנקײַט, קעגנ אינדיווידואליזמ אונ אנדערע רעשטנ פונ דער קאפיטאליסטישער וועלט!

די געשיכטע האָט ארופגעלייגט אפ אונדזערע פלייצעס א גרויסע אויפגאבע—שאפנ די סאָציאַליסטישע ליטעראטור. אונדזער סאָוועטיש לאנד האָט אונדז געגעבנ קרעפטיקע פליגלעס, אונדזער פארטיי האָט אונדז באפליגלט מיט די גרויסע אידייענ פונ מארקס-ענגעלס-לענינ-סטאלינ. מיר דארפנ פארקאשערנ די ארבל אונ ארבעטנ בעסער, קרעפטיקער, שענער, ווײַל מיר האָבנ פאר ווענענ צו ארבעטנ. לעאָניד אנדרייעוו האָט אמאָל זיך געקלאָגט פאר גאָרקינ, אז א קאָנדיטער איז בעסער צו זײַנ ווי א שרײַבער, ווײַל א קאָנדיטער ווייסט, ווער עס געניסט פונ זײַנ פראָדוקציע, אונ דער שרײַבער ווייסט ניט.

מיר ווייסנ שוינ גראדע יאָ, ווער עס נוצניסט פונ אונדזער שעפערישער ארבעט. מיר ארבעטנ פאר מיליאָנענ. דעריבער מוזנ מיר ארבעטנ בעסער אונ מיר וועלנ ארבעטנ בעסער.

לאָמיר זיך ניט אָפשטעלנ. לאָמיר גיינ פאָרויס, לאָמיר הויך טראָגנ די פאָנ פונ אונדזער שיינער צײַט, לאָמיר זינגענ דאָס שיינע, דאָס שטאָלצע, דאָס הויכע געזאנג פונ סאָציאַליזמ!

# ביבליאָגראַפיע

דאָס ייִדישע בוך אינ סאָוועטנפאַרבאַנד אינ 1932 (ביבליאָגראַפיע). צונויפגעשטעלט: נ. רובינשטיינ. אויסגאַבע פונ דער מעלוכע-ביבליאָטעק אונ פונעם ביבליאָגראַפישנ אינסטיטוט פונ ווסס״ר א. נ. וו. ל. אי. לענינ (ייִדישער אָפּטייל). מינסק. 1933. זייטנ XXXVI+132.

דאָס איז א בוך פונ טרוקענע ציפערנ אונ הוילע ביבליאָגראַפישע דאַטעס, אָבער די דאָזיקע טרוקענע, זאָרגזאַמ דורכגעקאָנטראָלירטע יעדיעס דערציילנ וועגנ א גרויסנ אלגעמיינעמ קולטור-וווּקס ווּנ די ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסנ אינעמ סאָוועטנפאַרבאַנד, א קולטור-וווּקס, וואָס איז א רעזולטאַט פונ דער לענינישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פונ דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אונ פונ דער סאָוועטנמאַכט. פאַרנ יאָר 1932 איז בא אונדז אינ סאָוועטנפאַרבאַנד דערשינענ אָפ ייִדיש 658 ביכער (נעמענ), וואָס אַנטהאַלטנ מער ווי דרייַ מיליאָנ דרוקבויגנ, בא אנ אלגעמיינעמ טיראַזש העכער פונ צוויי מיט א האַלבנ מיליאָנ עקזעמפּליאַרנ. אינ פאַרגלייַך מיטנ יאָר 1928 באַטרעפט דאָס א וווּקס קימאַט אינ דרייַ מאָל.

מיר האָבנ דאָ געבראַכט — אונ אויך סומאַריש — בלויז עטלעכע ציפערנ, וואָס כאַראַקטעריזירט דעמ אלגעמיינעמ וווּקס פונ דער בוכ-פּראָדוקציע אָפ ייִדיש אינ סאָוועטנפאַרבאַנד. אינ נ. רובינשטיינס בוך וועט דער לייענער געפינענ דעטאַליזירטע יעדיעס, ווי אויך א גענויע ביבליאָגראַפישע באַשרייַבונג פונ די דערשינענע אינ 1932 י. ביכער. עס איז דאָך וויכטיק ניט בלויז די אלגעמיינע צאָל אויסגאַבעס, עס איז וויכטיק די טעמאַטיק פונ די ביכער. אונ דאָ זעענ מיר, אז בא אונדז קומענ צו גאַנצע נייַע טעמאַטישע געביטנ, ווי צומ בייַשפּיל, טעכניק אונ אַגראָטעכניק.

דער וווּקס פונ דער בוכ-פּראָדוקציע אָפ ייִדיש אינ סאָוועטנפאַרבאַנד ווערט באַזונדער בולעט, ווענ מע פאַרגלייַכט אונדזער בוכ-פּראָדוקציע מיטנ צושטאַנד פונעמ ייִדישנ בוך אינעמ קאַפּיטאַליסטישנ אויסלאַנד (פּוילנ, אַמעריקע). מיר וועלנ דאָ ניט אָנרופנ קיינ ציפערנ (אינ בוך זייַנענ געגעבנ גענויע טאַבעלנ). עס איז גענוג צו ברענגענ א פּאָר ציטאַטעס פונ די אויסלענדישע ייִדישער אויסגאַבעס, ווי זיי אליינ שילדערנ די לאַגע מיטנ ייִדישנ בוך אינ אויסלאַנד. די בונדישע „וואָכנשריפט“ (וואַרשע) שרייַבט: „א נייַ בוך אָפ דעמ ביכער-מאַרק איז א נעס“. אונ דער ניו-יאָרקער בירגערלעכער „אופקומ“ שרייַבט: „אויסער אינעמ סאָוועטנפאַרבאַנד, איז אינ קיינ שומ מעדינע ניטאָ קיינ איינציקער פאַרלאַג, וואָס זאָל אַרויסגעבנ א ייִדיש בוך. בלויז אינעמ סאָוועטנפאַרבאַנד איז דאָס ייִדישע פאַרלאַג-וועזנ א מעלוכע-איניען“. מע דאַרפ דערבייַ געדענקענ, אז אינ דער אויסלענדישער בוכ-פּראָדוקציע אָפ ייִדיש גייענ אינ א גרויסער צאָל אַרייַנ אַזעלכע אויסגאַבעס, ווי טכינעס, ראַבאָנישע ספאָרימלעך וועגנ טווילע אונ גאַסנ-לידלעך וועגנ „געשאָסענע מיידלעך“.

נ. רובינשטיינס בוכ איז אויסגערעכנט אפנ ספעציאַליסט, אפנ ביבליאָגראפ אונ אפנ ביבליאָטעקער, אָבער דאָס בוכ איז מיט זײַנע אלגעמיינע אויספירנ אינטערעסאַנט אונ באַלערנדיק פאר יעדנ אונדזערנ לייענער, ווײַל דאָס בוכ גיט א בילד פונ אונדזער וואקסנדיקער סאָציאַליסטישער קולטור.

וואָס פאר א בלויז אונ כעסרוינעס קאָנענ מיר אָנווײַזנ אינ בוכ?

מע האָט ניט באדארפט ברענגענ די ניט-קאָנטראָלירטע, ניט פארלאָזלעכע ידיעס פונ די אוקראַיִנישע „קניזשקאָווי נאָוויני אוסס״ר״ וועגנ דערשינענע יידישע ביכער (זע זײַט XXXVI), ווײַל דאָס טראָגט ארײַנ אנ „אפאָק יפישנ״ שטראָם אינעם דורכויס קאָנטראָלירטנ בא נ. רובינשטיינענ טעקסט (אפ דעם איז שוינ געווענ אָנגעוויזנ אינ איינער ארעצענזיע). רעצענזיעס וועגנ די דערשינענע ביכער זײַנענ געבראכט בלויז פונ אונדזער יידישער פרעסע; א שאָד, וואָס עס איז ניט אויסגענוצט די פרעסע אפ אנדערע שפראכנ (רוסיש, אוקראַיִניש, ווײַסרוסיש), וועלכע רעאגירט פונ צײַט צו צײַט אויכ אפ יידישע אויסגאבעס. בא די פארשיידענע זאמלביכער (פונ דער ווײַסרוסישער אָדער אוקראַיִנישער וויסנשאפט-אקאדעמיע, זע די נומערנ 122, 154, 184, 339) איז ניט אָנגעוויזנ דער אינהאלט זײַערער. אינ דער באשרײַבונג פונ י. קאָנס ביכל לידער (נומ. 442) איז ניט פארצייכנט ש. קליטעניקס פאָרוואָרט. מיר האלטנ ניט, אז די רעגיסטרירנדיקע ביבליאָגראפיע מוז אומבאדינגט אָפּערירנ בלויז מיטנ טיטלבלאט (אינ הילע).

אָבער די אלע טײַנעס אונדזערע מינערנ לאכלוטנ ניט דעם באדײַט פונ נ. רובינשטיינס בוכ. דער כ׳ נ. רובינשטיינ איז איינער פונ אונדזערע בעסטע אונ איבערגעגעבנסטע טוער אפנ ביבליאָטעק-געביט, אונ מיר דארפנ באגריסנ זײַנ זאָרגזאמע אונ פינקטלעכע ארבעט פאר דער לויפיקער וויסנשאפטלעכ-ביבליאָגראפישער רעגיסטראציע פונעם יידישנ בוכ בא אונדז.

א. גורשטיינ.

# כראָניק

פילצאָליקע פאַרזאַמלונגענ, געווידמעט דעמ אַלפאַרבאַנדישנ שרייבער־צוזאַמענפאָר, זיינענ דורכגעפירט געוואָרנ איבערנ גאַנצנ סאָוועטנפאַרבאַנד אונ אויכ אינ א ריי שטעט פונ ווייסרוסלאַנד, ווי מינסק, באָברויסק, האָמעל, וויטעבסק, באָריסאָוו, אָרשע א. אנד.

אפ די פאַרזאַמלונגענ זיינענ אַרויסגעטראָטנ אַסאַכ אַרבעטער מיט קאָנקרעטע פאָרשלאָגנ וועגנ פאַרברייטערנ די ליטעראַרישע באַציִונג צווישנ די ברייטע מאַסנ: דורכ אָרגאַניזירנ ליטעראַרישע קרייזנ, אַלגעמיינע ליטעראַרישע אָוונטנ, ליטעראַרישע דיספּוטנ, פאַרפליכטונגענ אפ דורכלייענענ א געוויסנ ליטעראַרישנ מינימומ.

★

אינ סענטיאַבער ד. י. איז אינ צק קפּ(ב)ו פאָרגעקומענ א באַגעגעניש פונ די דעלעגאַטנ אפנ ערשטנ אַלפאַרבאַנדישנ שרייבער־צוזאַמענפאָר מיטנ סעקרעטאַר פונ צק קפּ(ב)ו כ׳ ג י ק א ל אָ אונ מיט די מיטגלידער פונ ביוראָ פונ צק. די באַגעגעניש איז געווענ געווידמעט די סאַכאַקלענ פונ ערשטנ אַלפאַרבאַנדישנ שרייבער־צוזאַמענפאָר.

מיט א גרויסער אינהאַלטרייכער רעדע איז אַרויסגעטראָטנ דער כ׳ ג י ק א ל אָ.

דער כ׳ גיקאַלאָ שטרייכט אונטער ווי פעסט עס האָט זיכ צונויפגעוואַקסנ דער פאַרבונד פונ די סאָוועטישע שרייבער מיט די ברייטע מאַסנ פונ די פּאַרטייִשע, סאָוועטישע, פּראָפאַריינישע אונ קאָמיונישע אָרגאַניזאַציעס. „אָט די ענגע פאַרבינדונג גיט צו די שרייבער מער קראַפט, זיכערקייט, פאַרגרעסערט די שעפערישע אַקטיווקייט".

אינ אָקטיאַבער איז אינ מינסקער שטאָטקאָמ קפּ(ב)ו אונטערנ פאָרזיץ פונ כ׳ ריסקינ סעקרעטאַר פונ שטאָטקאָמ) פאָרגעקומענ א ספּעציעלער שמועס, וועגנ שאַפנ א בוכ, געווידמעט דער הויפּטשטאָט פונ ווייסרוסלאַנד — מינסק. אינעמ שמועס האָט דער כ׳ ריסקינ זיכ בענוי אָפּגעשטעלט אפ די אינדוסטריעלע אונ קולטורעלע דערגרייכונגענ פונ דעמ סאָוועטישנ מ י נ ס ק פאַר די יאָרנ פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג.

★

די ייִדסעקציע פונ פאַרבאַנד סאָוו. שרייבער פונ ווייסרוסלאַנד האָט אַנטוויקלט נאָכנ אַלפאַרבאַנדישנ שרייבער־צוזאַמענפאָר א גרויסע אַרבעט. מיט באַריכטנ וועגנ שרייבער־צוזאַמענפאָר אונ וועגנ דער אַלפאַרבאַנדישער באַראַטונג פונ די ייִדישע סאָוועטישע שרייבער זיינענ אַרויסגעטראָטנ א ריי ייִדישע שרייבער אפ די מינסקער פאַבריקנ אונ אַרבעטער־קלובנ.

עס איז אָנגעמערקט אַרויספאָרנ פונ בריגאַדעס אינ די גרעסערע צענטערנ אונ אינ די שטעטלעכ פונ ווייסרוסלאַנד.

★

אינ דער נאָענטסטער צײַט װעלנ אינ מינסק פאַרקומענ ליטעראַרישע אָװנטנ מיט אַנטײל פונ די מאָסקװער אונ אוקראַינער ייִדישע שרײַבער. צװישנ די אײַנגעלאַדענע: בערגעלסאָנ, מאַרקיש, ליטװאַקאָװ, פעפער, קװיטקאָ, ראָסינ, גאָרינער א. אנד.

★

אינ די ערשטע טעג פונ דעקאַבער װעט געפײַערט װערנ דער 25־יאָריקער יובילײ פונ דער טעאַטראַלער טעטיקײט פונעמ פאַרדינסטפולנ אַרטיסט — מ. ראַפאַלסקי.

אָנהײב 35 כנ יאַר װ רס געפײַערט דער 15־יאָריקער יובילײ פונעמ מאָסקװער ייִדישנ מעלוכע־טעאַטער אונ פונעמ פאַרדינסטפולנ אַרטיסט — ס. מיכאָעלס.

אינ די נאָענטסטע נומערנ װעלנ מיר געבנ בעגריפע אָפהאַנדלונגענ װעגנ די יובילאַרנ.

---

פאַראַנטװאָרטלעכער רעדאַקטער — איזי כאַריק.
רעדקאָלעגיע: א. אָשעראָװיטש, ז. אַקסעלראָד, אָ. בער, י. בראָנשטײנ, א. דאַמעסעק, כ. דונעצ, אי. כאַריק, מ. קולבאַק, ל. ראָזענהױז.

דרוקערײַ א. נ. סטאַלינ. באַשטעלונג 1275 גלאַװליטבעל 4145

פרײַז 1 רובל 50 ק.



# ШТЭРН
# (ЗОРКА)

Літаратурна-мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс



ВЫДАННЕ
„Акцябр“
Менск, Рэволюц. вул., 2.